אליעזר הירשאוגע

# טרוים אין פארווירקלעכונג

זכרונות־פאַרצייכנונגען און באַמערקונגען
וועגן דער אַנאַרכיסטישער באוועגונג אין פוילן

ארויסגעגעבן פון דינה הירשאוגע — תל־אביב, 1964

די געפאַלענע און אומגעקומענע חברים
פון פוילן — די טרעגער פון אַנאַרכיסטישן
אידעאַל, „טרוים אין פאַרווירקלעכונג“ —

געווידמעט

די גייסטיקע ירושה פון זייער פאטער —
אַ מתנה פאַר די קינדער עליזה און מנחם.

■

אַ האַרציקן דאַנק פאַר חבר אבא גאָרדין
פאַר זיין איבערקוקן דאס בוך און לייענען
די קאָרעקטורן.

■

אַ דאַנק פריינט מאָריס לעווים פאַר
זיין העלפן מיר אַרויסגעבן דאָס בוך.

**דינה הירשאוגע**

**חזון בהתגשמותו / רשומי זכרונות**
**והערות על התנועה האַנרכיסטית בפולניה**
**מאת אליעזר הירשאוגה**

**נדפס בדפוס „המרכז“, תל־אביב**

הדפוס בו עבד המחבר אציל הנפש ואנין הרוח
בסוף ימיו, ובו קשר קשרי ידידות אמיצים.
זכרו המבורך שרוי אתנו עד היום.

די הי

# אליעזר הירשאוגע

(1954—1911)

צענטער יארצייט

א

אליעזר הירשאוגע האָט אין יאָר 1952 אַרויסגעגעבן אין תל־אביב 2 העפטן פון אַן אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישער שריפט מיטן נאָמען „דעות". אין 1951 האָט ער פאַרפאַסט אַ בראָשור „פטר קרופוטקין" (תולדותיו, רעיונותיו וספריו) אונטערן פסעוודאָנים א. גורל. ער האָט זי אַרויסגעגעבן אונטער דעם אייגענעם נאָמען ווי דער פאַר־לעגער. די בראָשור ווי אויך די צוויי נומערן „דעות" האָט ער געגעבן איבערזעצן אין העברעאיש פון יידיש, זיי אַליין אויפגעזעצט און זיי אָפּגעדרוקט אויפן אייגענעם חשבון. א. ה. איז געווען אַן אויסגע־צייכנטער זעצער ביים פאַך און אַ גרויסער אידעאַליסט. דורך זיין איניציאַטיוו איז דערשינען אין יאָר 1954 דר. ישראל רובינס ווערק „פון דאַנען אַהין".

נאָך זייענדיק אין וואַרשע פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג איז ער געווען טעטיק ווי אַ ניט־פּראָפיטן־זוכער־פאַרלעגער. ער האָט אויפגעזעצט און אַרויסגעגעבן אַ צאָל ווערק פון יידישע און ניט־יידישע שרייבערס, צווישן זיי די חודש־שריפט „דאָס גע־וויסן פון דער געזעלשאַפט" רעדאַקטירט פון טאַדעאוש מאַריאַן לובעצקי (אין פּויליש).

ב.

אליעזר הירשאוגעס לעבענסגעשיכטע איז אַ קורצע, אַ טראַ־גישע און אַ העראָאישע.

ער איז געבאָרן געוואָרן ביי פרומע עלטערן אין וואַרשע, דער פערטער. פאַר אים קומען צוויי שוועסטער און אַ ברודער. צו פינף יאָר אַוועק אין חדר. ביז 16 יאָר געלערנט אין אַ ישיבה. דערנאָך זיך אויסגעלערנט פאַר אַ זעצער קעגן די פּראָטעסטן פון טאַטע מאַמע, וואָס האָבן באַטראַכט מלאכה ווי אַ פלעק אויף דעם „הערב״ פון זיין חסידיש באַלעבאַטישער משפּחה.

א. ה. פאַרנעמט זיך ערנסט מיט זעלבסט־בילדונג. נאָך אַ פּעריאָד פון איבערלייגן זיך און איבערקלייבן די פּאָליטישע פּאַרטייען און זייערע אידעאָלאָגיעס, קומט ער צו דער אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישער אויפפאַסונג.

אין 1936 באַקענט ער זיך מיט חברה דינה הוזאַרסקי. זי ווערט זיין לעבנסבאַגלייטערין.

אַז עס האָט זיך גענומען שטאַרק רודערן אין שפּאַניע, פאַרפאַסט א. ה. אַ בראָשור „שפּאַניע אויפן שייד־וועג״. ער זעצט זי אַליין אויף, דרוקט זי אָפּ און ער און דינה לאָזן זיך אַוועק צו די צייטונגס־קיאָסקן און פאַרטיילן אַ צאָל עקזעמפּלאַרן. די איבערגעבליבענע ווערן קאָנפיסקירט פון דער רעאַקציאָנערער פּוילישער רעגירונג.

צו דער אייגענער צייט האָט ער איבערגעזעצט אין יידיש עטלעכע קאַפּיטלעך פון רמב״ם פילאָזאָפישע ווערק, מורה־נבוכים. אָט־די אַרבעט זיינע איז דערשינען אין ערלעכמאַנס פאַרלאַג אין וואַרשע אין 1937.

1939. וואַרשע ווערט באַזעסן פון דייטשע אַעראָפּלאַנען. אליעזר און דינה פאַרלאָזן די שטאָט. ווי פליכטלינגס קומען זיי אָן קיין קאָוועל. זיי וואַנדערן ווייטער און שפּאַרן אָן אין וואָסיעלוב ביי נאָוואָגרודעק. א. ה. ווערט אַ לערער. ער גייט פון שטוב צו שטוב און לערנט קליינע קינדער און באַקומט פאַר זיין מי ווי אָפּצוגעסן אַ מאָלצייט, ווי פּראָוויאַנט. דינה אַרבעט ווי אַ קראַנקן־שוועסטער אין שפּיטאָל.

1940. אליעזר און דינה זאָגן זיך אָפּ פון אָננעמען סאָוויעטישע בירגערשאַפט און זיי ווערן פאַרשיקט אויפן אוראַל. אליעזר אַרבעט ווי אַ „זאַבישטשיק״ אין די קוילנשאַכטעס פון יעגאָרשינאָ, אין סווערדלאָווסקער אָבלאַסט. זיין לוין — אַ האַלבע קילאָ ברויט אַ טאָג. ביי דער אַרבעט ווערט ער איבערגעפּאָרן, צעבראָכט אַ פוס, און קריגט ווי אַ קאָנוואַלעסצענט לייכטערע אַרבעט: ער ווערט אַ קאָניוך. ער פּאַסט אויף אויף די בלינדע און פאַרהונגערטע פערד פון

דער קוילנגרוב. ער קען ניט צוזען זייערע הונגער־יסורים און ער קאַרמעט די פערד מיט היי, וואָס ער נעמט אַרויס פון זיינע קאָפּ־קישלעך.

1941. זיי ווערן אַריבערגעשיקט אויף אַרבעט צו האַקן ביימער אין די אומבאַרירטע, אומבאַטראָטענע פון אַ מענטשלעך פוס, סעראוור־סקי וועלדער. פון דאָרטן, ווען זיי בלייבן אינגאַנצן דערשעפּט, אָן כוחות, שיקט מען זיי איבער אין אוזבעקיסטאַן. זיי אַרבעטן אין אַ קאָלכאָז אויף וואַטע פּלאַנטאַציעס. פון דאָרט ווערן זיי טראַנס־פּערירט קיין קאַזאַכסטאַן. אליעזר אַרבעט ווי אַן אויפראַמער אין אַ שפּיטאָל. ער ווערט אבער באַלד מאָביליזירט. ער טרעט דעם מלחמה־וועג פון סטאַלינגראַד ביז וואַרשע. פון וואַרשע, וואו אליעזר און דינה געפינען ניט קיין שפּור פון זייערע משפּחות, לאָזן זיי זיך אַוועק נע־ונדעווען, און קומען אָן אין מערב־דייטשלאַנד, אין אַ דזשוינט־אונרא לאַגער, האַזנהעקע ביי קאַסל.

אליעזר וואַרפט זיך אַריין אין דער אַרבעט מיט זיין גאַנצן אימפּעט און התלהבות. ער אָרגאַניזירט פאַך־שולן; ער רעדאַקטירט און פילט כמעט איינער אַליין אויס אַ לאַגער־צייטונג. ער גרייט אויך צו, און זעצט אַליין אויף אַ לערנביכל פאַר די לאַגער־קינדער צו לערנען העברעאיש. דאָס ביכל הייסט „עדן".

סוף 1947. אליעזר און דינה קומען אָן קיין ישראל. א. ה. באַקומט אַרבעט ביי זיין פאַך. פאַרן הויזגעזינט פון פיר, רעמאָנטירט ער אויס אַ קליין שטיבעלע. ער ווערט אָבער גלייך מאָביליזירט. נאכן אומ־קערן זיך פון באַפרייאונגס־קריג נעמט ער זיך צוריק צו זיין אַרבעט ווי אַ זעצער.

דעם 8־טן מאַי 1954 שטאַרבט ער פּלוצלונג פון אַ האַרצאנפאַל.

דינה הירשאוגע

# א קאפיטל זכרונות

אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, אין קאַזאַכסטאַן, אין קאָלכאָז מיטן נאָמען בעזדאָגאַי טשעמקענסקי אָבלאַסט, האָב איך מיט מיין חבר, אליעזרן, געאַרבעט צוויי חדשים און גאָר געשמאַק געהונגערט. איך בין קראַנק געוואָרן אויף טיפוס, אָפּגעלעגן צוויי וואָכן — און דער־נאָך געקומען צו זיך. מ׳קאָן זאָגן אַז איך בין שוין „כמעט״ ווי געזונט, ד.ה. איך האַלט זיך קוים אויף די פיס.

עס קומט דער פרילינג. אין קאָלכאָז פעלט אויס מעל. הייסט עס אַז מ׳דאַרף פטור־ווערן פון מיילער, פון עסערס. מע שטייט פאַר אַ הונדערט־פּראָצענטיקן הונגער. וואָס טוט מען?

מיר האָבן געטראַכט און געטראַכט און גאָרניט געקאָנט צו־טראַכטן. אַז מיר זיינען געוואָרן כמעט ווי פאַרצווייפלט, לאָזט מען אונדז פלוצלונג וויסן אַז אין שפיטאָל אין צ׳איאַן, וואָס איז ווייט פונדאַנענט 55 קילאָמעטער, קאָנען מיר באַקומען אַרבעט, און דאָרט איז פאַראַן גענוג שפּייז צו געבן עסן די שפיטאַל־אַרבעטער.

לאָזן מיר זיך גלייך אין וועג אַריין. איך נאָכן טיפוס קוים וואָס איך שלעפּ די פיס. אליעזר אַן אויסגעמאַטערטער און אַן אויסגעהונ־גערטער האַלט מיר נאָך. דער וועג ציט זיך. אַזוי גייען אַוועק קאַרגע דריי טעג.

ווי דערהאַלטן מיר די נשמה אין אונדזער אויסגעמאָגערטן גוף? מיר קלייבן ווילדן קנאָבל, קייען עס און קוויקן זיך דערמיט.

מיר קומען אָן אין צ׳איאַן. דער שפיטאָל שטייט אַליין אין מיטן אַ וויסטעניש. ניט נענטער ווי אין אַ מרחק פון אַכט קילאָמעטער קאָן מען געפינען אַ יישוב, קאַזאַכן און זייערע קאָלכאָזן.

דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער גרויסער „טשיסטקע״, אַ פּאַניק האָט עפּעס ווי באַפאַלן די מאַכט־האָבער און אומעטום האָבן זיי געזוכט פאַרעטער, פייגטלעכע שפּיאָנען, אַלעמען פאַרדעכטיקט.

האָט די נ.ק.וו.ד. אַרויסגעשיקט פון לעבינגראַד, מאָסקווע און אַלע איבעריקע גרעסערע שטעט אַלע ניט כשרע איינוווינער. מ'האָט פאַרשיקט אין קאַזאַכסטאַן רוסישע משפחות וואָס האָבן געהאַט אויף זיך אַ פלעק, צי דאָס איז געווען פרעמדער פוילישער אָפּשטאַם צי געמישטע חתונות , דאָס הייסט רוסישע פרויען וואָס האָבן געהאַט געהייראַט פּאָליאַקן, אָדער רוסישע מענער וואָס האָבן געהאַט פּוילישע ווייבער.

עטלעכע אַזעלכע פאַרשיקטע פאַמיליעס האָבן זיך געפונען אין צ'איאַן. צווישן זיי האָט זיך אויסגעטיילט אַ פאַמיליע מיטן טשיקאַוון נאָמען בעזסמערטני (אומשטערבלעך). ער איז געווען אַ פּאָליאַק, אַ דאָקטאָר מעדיצין. זי, זיין פרוי, אַ גרויסרוסישע, אַ פאַרמאַצעווטין. מיט איר זיינען געווען פאַרשיקט (אַלץ פאַר איר איינציקער זינד פון האָבן גענומען אַ פּאָליאַק פאַר אַ מאַן) איר פאָטער, מוטער און פיר שוועסטער. די פאַרשיקטע האָבן זיך געפילט גליקלעך, וואָס מ'האָט זיך געלאָזן האַלטן צוזאַמען און זיי ניט צעזייט און צעשפּרייט אַזוי אַז זיי זאָלן איינער פון אַנדערן ניט וויסן.

אין צ'איאַן האָט געפּוסטעוועט אַ געביידע וואָס האָט אַמאָל געדינט ווי אַ מין קאַזאַכישע גמינע. האָט דער דאָקטאָר וואַסילי בעזסמערטני געפּועלט ביים דאָרטיקן סאָוויעט אַז מ'זאָל אים דערלויבן איינאָרדענען אין אָט דעם פאַרלאָזטן בנין אַ שפּיטאָל, וואָס איז געווען פאַרעכנט פאַר אַ רעגירונגס־אַנשטאַלט וואָס געהערט צום געזונטהייטס־קאָמיסאַריאַט אָדער מיניסטעריום.

דער דאָקטאָר איז געוואָרן דער אָרדינאַטאָר, זיין פרוי עליזאַוועטא האָט אָנגעפירט מיט דער אַפּטייק. אירע פיר שוועסטער האָבן געטאָן די אַדמיניסטראַטיווע אַרבעט. די איבעריקע פאַרשיקטע, אַלע רוסישע פרויען וואָס האָבן געהאַט פּוילישע מענער, האָבן זיך ווי ניט ווי איינגעאָרדענט, אויסגעפילט פאַרשיידענע אַרבעטן אין שפּיטאָל גופא און אַרום שפּיטאָל.

מ'האָט אונדז דריי צוגענומען אויף אַרבעט אין שפּיטאָל, מיך, ווי אַ קראַנקן־שוועסטער אין אַמבולאַטאָריע, מיין שוועסטער, מאַריליע, ווי אַ קראַנקן־שוועסטער אין שפּיטאָל, אליעזרן ווי אַן אַרבעטער, אַ מין פאַכמאַן פון אַלע פאַכן: אַ גלעזער, אַ מאַלער, אַ מולער, אַ סטאָלער, אַ שלאָסער, און וואָס ניט. אַפילו די אָפּפאַל־גריבער פון שפּיטאָל האָט ער געריניקט. קיין זאַך איז פאַר אים ניט געווען צו שווער אָדער ניט פּאַסיק.

אליעזר ווי אַ שווערער אַרבעטער האָט געקראָגן פאַר זיין לוין אַ האַלבע קילאָ זשארנעס אַ טאָג, וואָס זיינען באַשטאַנען פון אַ געמיש פון דריי מינים: קוקורוזע, ווייץ און גערשטן. איך און מאַריליע האָבן געקראָגן פאַר אונדזער אַרבעט יעדע צו 200 גראַם זשארנעס.

די זשארנעס האָט מען געדאַרפט אַליין צעמאלן מיט מילשטיינער. די מילשטיינער האָבן מיר געליען אין קאזאכן־קאָלכאָז, וואָס, ווי געזאָגט אויבן, איז געווען היפש ווייטלעך. מיר האָבן געמוזט שלעפּן די שטיינער אַהער און צוריק. דאס ביסל תבואה ברענגען אין קאָלכאָז איז געווען צו ריזיקאַליש. תבואה איז געווען שפּארזאם...

די טעג לויפן. מיר אַלע אַרבעטן, הונגערן, אבער צום פאַרליידן. דאס לעבן איז ביטער, פאַרזיסן מיר אים מיט דעם באַוווסטזיין אַז מיר גיבן די קראַנקע אויב ניט קיין פולע מעדיצינישע באַהאַנדלונג, עס פעלן אויס די נויטיקסטע מעדיקאמענטן, איז כאָטש פולע מאָראַלישע הילף. מיר שמועסן מיט זיי, מיר הייבן זייער שטימונג, שרויפן אויף זייער מאָראַל און אויב ניט אינגאנצן פאַריידן, לינדערן מיר מיט דער מאַגיק פון וואָרט זייערע ווייטאָקן.

אויף אונזער „דאליע" האָבן מיר זיך ניט וואָס צו קלאָגן, מיר קאָנען כאָטש אַרומגיין, און אָט־די חלאים ליגן, נעבאך, צוגעשמידטע צו זייערע „קאיקעס", מ'שטיינס געזאָגט בעטלאך. פילן מיר זיך עפּעס ווי שולדיק לגבי זיי און מיר צאָלן אונדזער חוב בדאי מיט גוטע ווערטער: אַ שמערץ פאַרגייט און אַ גוט וואָרט באַשטייט.

צווישן די געפּערלעך קראַנקע ליגט אַ ייד. ער הייסט חיים בראנקיש. ער קומט פון וואַרשע.ביים פאַך אַ בעקער. ער ליגט שוין אין שפּיטאל דריי חדשים. ער איז אַ שווינדזיכטיקער. ער איז זיך ממש מחיה, ווען אליעזר קומט צו זיין געלעגער, כאַפּט מיט אים אַ שמועס.

דער קראַנקער, זעט מען, וועט לאַנג ניט ציען. ער צאנקט. זיין ביסל לעבן טריפט אויס פון אים מיט יעדן הוסט און כאַרקע־טאָן.

אליעזר קומט צו אים יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט, און זיצט אָפּ ביי זיין בעטל צוויי דריי שעה. איך און מאַריליע בייטן זיך, דערזשורעווען ביי אים. מיר האָבן מורא אים צו לאָזן אַליין, אַזוי ווי מיט אונדזער דערביי־זיין וואָלטן מיר קאָנען אים דערלענגערן די טעג פון זיין לעבן.

איינמאָל זאָגט דער קראַנקער חיים בראנקיש צו אליעזרן:

איך האָב צו אייך אַ בקשה. איך ווייס אַז מיינע וואָכן זיינען

געציילטע, בעט איך אייך איר זאָלט מיך באַגראָבן ווי אַ יידן.
איך בעט אייך אין מיין נאָמען, אין נאָמען פון מיין פרוי און מיינע צוויי קינדער, וואָס איך ווייס ניט ווו זיי געפינען זיך, און אין נאָמען פון פאָלק ישראל — זאָגט נאָך מיר קדיש... באַגראָבט מיך ווי אַ יידן און שטעלט אויף מיין קבר אַ מצבה מיט אַ יידישער אויפשריפט, כאָטש איין יידיש וואָרט זאָל זיין...

אליעזר זאָגט אים:

— מ'קאָן קיינמאָל ניט וויסן ווען עס טאָג איז דער קירצסטער און ווער ווייסט ווער פון אונדז וועט פריער אַוועק פון דער וועלט. אָבער אויב איך וועל אייך איבערלעבן, וועל איך אייער בקשה דערפילן.

דער קראַנקער דאַנקט אליעזרן און דריקט אים די האַנט און זאָגט, מיט זודיקע טרערן אין די אויגן:

— איצט קאָן איך שטאַרבן רואיק, וויסנדיק אַז איך וועל ליגן אין אַ קבר אונטער אַ יידישער מצבה, ווי אַ מענטש און אַ ייד.

פּאַסירט אַזוי, אַז דער אָרדינאַטאָר פון שפּיטאָל דר. וואסילי בעזסמערטני שטאַרבט פּלוצלונג.

זיין פרוי בעט אליעזרן ער זאָל פאַר אים אויסגראָבן אַ קבר.

אליעזר דערפילט איר ביטע. גראָבט אויס אַ טיפן קבר. שטעלט אויפן קבר אַ שטיין־מצבה מיט דער אויפשריפט: „דאָ ליגט באַ־ערדיקט אַ מענטשן־פריינד".

דעם פאַרשטאָרבענעמס פּלאַץ פאַרנעמט איצט אַ מאָלדאַוואַנערין, אַן אויגן־דאָקטאָרין, אַלעקסאַנדראַ פּאַלמאַווא. צווישן די מענטשן־בוימער איז זי גאָר ווייט געווען פון אַ פּאַלמע. זי איז גיכער געווען אַ דאָרן־מענטש. זי זעצט זיך אַוועק ברייט אויפן שפּיטאָל־טראָן און נעמט דעספּאָטיש קעניגן אין געוועלטיקן. צו אליעזרן פאַרהאַלט זי זיך מיט ביטערער שנאה. איר שיינט אַז ער מיט זיין מאָראַלישן כוח ברעכט איר דיקטאַטאָרישן רעזשים.

חיים בראַנקיש האָט זיך אין זיינע פאַרויסשפּירונגען ניט אָפּגע־נאַרט. ער האָט גאָר גיך אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעמצוג.

בראַנקיש איז געשטאָרבן, דאַרף מען אים באַגראָבן. אליעזר האָט דאָך אים צוגעזאָגט פאַר זיין שטאַרבן, אַז ער וועט אים ברענגען לקבר־ישראל.

אָבער דאָס איז גאָרניט לייכט אויסצופירן.

אין שפּיטאָל, ווי אומעטום אין געזעלשאַפטלעכע אנשטאַלטן,

האָט זיך געפונען אַ „צוטראָגערין", אַ מוסרטע. אָט־די איז טאַקע געווען אַ יידישע פרוי פון פוילן. זי האָט געהייסן דאָרא.

זי לויפט אַריין צו דער פאַרוואַלטערין און מוסרט, פאַרמוסרט אליעזרן:

— בראנקיש איז געשטאָרבן. אליעזר הירשאוגע איז ביי זיין געלעגער אָפּגעזעסן גאַנצענע טעג. ער וועט אודאי וועלן קריגן זיינע מלבושים און די הויפּטזאַך, זיינע שיך, ווייל אליעזר גייט דאָך אָרום אָן שיך און זיינע פיס זיינען אַרומגעוויקלט מיט „אנוטשעס" (שמאַטעס). איר טאָרט עס ניט דערלאָזן. איך האָב אַליין געהערט ווי אליעזר האָט מיטן גוסס איינגעטענהט וועגן אָט־דער ירושה... מ׳טאָר עס ניט דערלאָזן.

אליעזר האָט געאַרבעט אין הויף, אַ גאַנצן טאָג געווען שטאַרק פאַרנומען. ער האָט גאָר ניט געוווּסט אַז בראנקיש איז געשאָרבן. מ׳איז געקומען פון שפיטאל און אים אָנגעזאָגט די טרויעריקע בשורה.

אַז ער האָט געענדיקט זיין אַרבעט, איז ער אַריין צו דער פאַר־וואַלטערין און זי געבעטן אַז זי זאָל אים מאָרגן באַפרייען פון אַ טאָג אַרבעט, ווייל ער וועט דאַרפן גראָבן די פאַרפרוירענע האַרטע ערד און אויסהאַקן אַ קבר פאַרן פאַרשטאָרבענעם בראנקיש.

ערשט די פאַרוואַלטערין קומט עס אַרויס מיט איר מענה־לשון:

— וואָס?! ביסט געקומען בעטן דיר לאָזן גראָבן אַ קבר פאַר בראַנקישן, וואָס פאַר אַ יחסן איז ער דאָ? מ׳וועט אים באַגראָבן ווי אַ הונט (פּוסקאי פּאכאראניאט יעוואָ קאק סאבאקו).

אליעזר איז דערשטוינט. ער קוקט איר אָן מיט ביטול, און ער גיט צו איר אַ זאָג:

— מיט אַזעלכע אָנפירערינס ווי איר זייט וועט די סאָוויעטן־מאַכט דאָ לאַנג ניט האַלטן.

זי ווערט אָן אָנגעצונדענע ווי מיט העליש פייער.

זי שרייט מיט באַנומענע קולות:

— ווען איך האָב אַ רעוואָלווער אונטערן האַנט, דערשיס איך דיך אויפן פּלאַץ. אַרויס פון דאַנענט. מער ווערסטו דאָ ניט אַרבעטן.

אליעזר קומט אַהיים, און דערציילט מיר וואָס עס האָט פּאַסירט. ער איז זייער באַזאָרגט: אַ צוזאָג אַ גוססן מוז מען האַלטן. איז וואָס טוט מען?

אַזוי זיינען אַוועק פיר טעג. דער מת ליגט אין קילצימער און ווערט געשוואָלן.

פלוצלונג אַ טרעוואגע. עס קומט אַן אונטערזוכונגס־קאָמיסיע פון צ׳עמקענסק. וואָס טוט מען? זיי וועלן זיכער אַריין אין מארג, טויטן־פלאַץ.

די פאַרוואַלטערין שיקט רופן צו זיך אליעזרן (קיינער וויל ניט גיין גראָבן די פאַרפרוירענע ערד אין אַ 40־גראדיקן פראָסט). זי שיקט איין עשטאַפעט נאָכן צווייטן. אליעזר ענטפערט: זי מעג זיך אַליין באַמיען און קומען. עס גייען אַוועק אַ פּאָר שעה. זי קומט אַריין אין אונדזער אָרימער קיביטקע (ליימענע הייזקע).

זי בעט איבער אליעזרן. זי בויגט דעם קאָפּ פאַר אים. זי זאָגט אים זיין גאַנצן שבח אין די אויגן. ער איז דער שענסטער מאָראַלי־שער מענטש וואָס זי האָט באַגעגנט אין איר לעבן. זי בעט אים באַגראָבן דעם טויטן בראנקישן.

אליעזר ענטפערט איר און זאָגט:

— איך וועל עס טאָן ניט צוליב אייך נאָר צוליב דעם וואָס איך האָב דעם שטאַרבנדיקן חבר צוגעזאָגט.

זעקס שעה אַרבעט אליעזר אין אַ קעלט פון 40 גראד און אין אַ ווינט וואָס בלאָזט מיט אַ משוגה־ווילדן אימפעט, וואָס וואַרפט אום פון די פיס.

ער קומט אַריין אין שטיבל.

— קום, דינה, דער קבר איז פאַרטיק, מיר וועלן חיים בראנקישן טאָן זיין רעכטס.

מיר האָבן דעם טויטן איינגעוויקלט אין אַ ליילעך און אים אַוועקגעטראָגן און אַראָפּגעלאָזט אין קבר.

דעם קבר פאַרשאָטן, אויסגעגלייכט, אַרומגעלייגט מיט שטיינער, גיהעגעס זאָלן אים ניט אויסגראָבן.

צוגעקלאַפּט אַ ברעטל מיט דער אויפשריפט:

פ״נ (פה נטמן)

און אויפגעשריבן אין יידישע בוכשטאַבן זיין נאָמען חיים בראנקיש פון וואַרשע, און אנגעגעבן די יארן פון געבוירן־ווערן און שטאַרבן.

אליעזר האָט פאַר האַלטן זיין צוזאָג טייער באַצאָלט: אַזוי ווי ער האָט פאַרלוירן זיין שטעלע אין שפיטאָל, ווו ער איז געווען פאַרבראַנירט, האָט מען אים מאָביליזירט. ער איז אַוועק אויפן פראָנט.

**אבא גאָרדין**

# אנשטאָט אַ הקדמה

## א

אליעזר הירשאוגעס בוך הייסט „טרוים אין פֿאַרווירקלעכונג“. לכתחילה האָט אָט־דער נאָמען מיר אויסגעזען צו זײַן אויסטערליש־פּרעטענציעז. דער „טרוים“ באַטײַט דאָ אַנאַרכיזם, אַן אידעאַל וואָס האַלט נאָך זייער ווײַט פֿון פֿאַרווירקלעכט ווערן אויף אַ ברייטן געזעלשאַפֿטלעכן פֿאַרנעם, הייתכן אַז דער מחבר זאָל שווײַן דער־וואַרטן זײַן פֿאַרווירקלעכונג אין אונדזער אוממענטשלעכער, רצחני־שער עפּאָכע?

אָבער קומענדיק נאָענט צום סוף פֿון הירשאוגעס „זכרונות און באַמערקונגען“ (אונטער־טיטל פֿון בוך) האָב איך תּופֿס געווען דעם פֿאַרפֿאַסערס מיין.

ער האָט צום אַנאַרכיזם ניט בלויז אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישן און פּאָליטישן צוגאַנג, נאָר אויך, און אפֿשר דערהויפּט, אַן אינדיווידועל־עטישן צוגאַנג. אים אינטערעסירט די ווירקונג פֿון אַנאַרכיסטישן אידעאַל אויף זײַנע אַדעפּטן. ער וויל זען און באַשרײַבן ווי אַזוי אָט־דער ווײַט־צוקונפֿטיקער אידעאַל האָט געשטאַלטיקט דעם כאַראַק־טער פֿון די, וואָס האָבן אָט־דעם דערהויבענעם באַשטרעב זיך איבער־געגעבן, אים געטראָגן ווי אַ בשׂורה טובֿה צו די פֿאַרשקלאַפּטע און באַדרענגטע. און בײַ אים איז אָט־די השפּעה די ריכטיקע פּראָבע פֿאַר דעם אידעאַל. אויב ער טראָגט און דערהויבט זײַנע טרעגער און פּרעדיגער אין דער קעגנוואַרט, איז עס דער בעסטער באַווײַז, אַז ער וועט אויסהאַלטן אין דער צוקונפֿט דעם שווערן לעבנס־עקזאַמען און ער וועט באַווײַזן צו דערהויבן די געזעלשאַפֿט און זי באַפֿרײַען פֿון אירע פֿאַרזעענישן, פֿון אירע בייזן און רשעותן, דערהויפּט פֿון דעם ענגקעפּיקן עגאָאיזם און באַרבאַרישן שאָוויניזם, וואָס באַקומט זײַן העסלעכן אויסדרוק אין פֿעלקער־האַס, אין צאַנ־קערייען, רייסערייען און מלחמות.

דער מחבר ציייגט אָן ביישפּילן פון לעבן אין די שווערסטע צייטן אין געטאָ, בשעת מלחמה, אין וועלכע דער אידעאַל האָט אַרויסגעשיינט מיט זיין גאַנצער ריינקייט פון יחיד־מענטש־פאַרער־לעכונג אין די חברשע הומאַנישע האַנדלונגען פון די אַנאַרכיסטן, הן יידן הן פּאָליאַקן.

„געווען אַ פאַל ווען אונדזערס אַ פּוילישער חבר איז פון די דייטשן באַפאַלן געוואָרן אויף דער גאַס פאַר זיין ׳יידישן אויסזען׳ (אַ ברונעט, מיט אַ טיפּיש־יידישלעכער לאַנגער נאָז...), אבער ס׳איז אים געווען דערווידער זיך צו פאַרטיידיקן מיט ׳קיין יודע׳... ערשט די פּוילישע דורכגייער, גראד באַקאַנטע, האָבן אים אפּגעראַטעוועט מיט זייער עדות־זאָגן אַז ער איז אַן אמתער ׳אַריער׳״ (ז. 107).

„ווי נאָר עס זיינען אָנועקגעשטעלט געוואָרן די געטאָ־מויערן אַרום די יידישע קוואַרטאַלן, איז די הויפּט־אויפגאַבע פון די פּוילישע חברים געוואָרן דורכצוררייסן זיך צו די יידישע אידעען־ברידער מיט ממשותדיקער הילף. שפּעטער מיטן אנקום פון די ׳אויסזידלונג׳־אַקציעס האָבן זיי געמאַכט אנשטרענגונגען אַרויסצוראַטעווען יידישע חברים און חברות אויף דער ׳אַרישער׳ זייט״ (ז. 108).

„יוזעף דובאָווסקי — דערשאָסן געוואָרן פון די דייטשן ביים דורכגנבענען זיך דורך די געטאָ־מויערן, טראַגנדיק ברויט פאַר די באַלאַגערטע חברים״ (ז. 109).

געווען נאָך ענלעכע הומאַנישע האַנדלונגען מצד די פּוילישע ניט־יידישע חברים. אבער וויפל חברים־אַנאַרכיסטן האָבן מיר פאַר־מאָגט צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג וואָס האָט געברענט מיט העלישן פייער פון שנאת ישראל? אפשר איינעם פון צענדליקער טויזנט. דאס לעפּעלע האָניק האָט ניט געקענט פאַרזיסן דאס פעסל מיט זשעגאכץ... די טראָפּנס ליבע האָבן ניט געקאנט לעשן דעם גיהנומישן פייער פון שנאה, וואָס האָט געפלאַקערט און פאַרצערט און חרוב געמאַכט דעם פּוילישן יודנטום.

ב

דאס בוך פאַרמאגט אויך אַביסל אויטאָביאָגראַפישע פאַרנאָטי־רונגען.

דריי חסידישע בחורים לאָזן זיך זוכן דעם וועג צום אַנאַרכיזם. זיי געפינען זייער ערשטן אַבסטראַקט־טעאָרעטישן וועגווייזער אין באַקונינען און זייער קאָנקרעטן בשר־ודם מדריך אין אַ חבר מיטן

נאמען גראס, ביי זיין פאַך אַ העברעאישער לערער. ער איז „פאַר־קאָנספירירט” אַדאַנק זיין באַרוף און זיין אנהאלטן יידישן שטייגער, גיין שבת און יום־טוב דאַווגען אין בית־מדרש, פראווען אַ שבת־טיש מיט קידוש... הגם נאכן אָפּעסן פאַרויכערן אַ שבתדיקן סיגאַר.

אין פוילן, הפנים, האָבן אייניקע חסידישע יונגעלייט אַריבער דירעקט פון חסידיזם און שטרענגער אָרטאָדאָקסיע צום אַטעיזם און אַנאַרכיזם. דאס הייסט איבערגעהיפּט עטלעכע עפּאָכעס אין דער אידעאָלאָגיש־קולטורעלער אַנטוויקלונג פון דער יידישער גאַס.

השכלה איז פאַרביי און זיי געלאָזן אומבאַרירט, דער ציוניזם־נאַציאָנאַליזם איז פאַרבייגעגאַנגען און זיי געלאָזן שטעקן אין זייער רוטין, דער אַנאַרכיזם־שטראָם האָט זיי דווקא יאָ פאַרכאַפּט און אַוועקגעטראגן. אַזוי פאַסירט אויך צייטנווייז מיט אפגעשטאַנענע פעלקער. זיי יאָגן אָן און יאגן, אַמאָל, איבער די פאַרויסגעשריטענע. זיי באַווייזן עס צו טאָן דורך איבערשפּרינגען עטלעכע טרעפּלעך אין לייטער פון אַנטוויקלונג.

דער מחבר גיט זיך אָפּ ניט בלויז מיט טרוקענעם באַוועגונגס מאַטעריאַל, מיטן באַשרייבן פּראַקטאָקאָליש די געשעענישן. ער גיט אונדז אויך פאָרטרעטן פון חברים. ער מאלט הן אויסטערלישע און הן געוויינטלעכע רעוואָלוציאָנערע טיפּן. ער חנפעט ניט דער באַוועגונג. ער האַלט זיך ביי דער אמתדיקער ווירקלעכקייט, ווי ער האָט זי געזען. און ער האָט אַ שאַרף אויג אויפצוכאַפּן אויך דאס גראָטעסקע, דאס צעקרימט־העוויותדיקע פון וואָס קיין רעוואָלוציאָנער־אומלעגאַלע אונטערערדישע באַוועגונג קאָן ניט זיין אינגאַנצן פריי.

„אַלעמענס פריינד’...

...הירש־מענעס פריינד... זיין שמאָל און לענגלעך פנים מיט שטאַרק־אַרויסגעשטארצטער נאָז, וואָס האָט געמאַכט אומבאַמערקבאַר די טיף־איינגעפאַסטע אומעטיקע אויגן. זיין אומענדלעך נאַקעטער שטערן, האָט אים כאַראַקטעריזירט אַלס אַן ערנסטן און איבערלעבעניש־רייכן מענטשן” (ז. 36).

„משה מאַלאַרזש’...

זיין ביסל גרויע האר אויפן ליסן קאָפּ האָבן גלייך געמוסרט, אַז ער איז שוין אַריבער די מיטעלע יארן. די רירעוודיקע האַלטונג האָט אבער אים כאַראַקטעריזירט ווי אַן ’אייביק יונגער’... די לאַנגע יארן טעטיקייט צווישן אַרבעטער האָט אויף אים געלייגט דעם חותם פון אַ טיפּישן ’מאסאוועץ’. אפילו אין פריוואַטע שמועסן האָט ער גע־

רעדט מיט פּאַטאָס ווי פון באַריקאַדן טריבונעס, געוואָרפן זיך מיט לאָזונגען מער ווי מיט לאָגישע אַרגומענטן" (ז. 40).

„אַ באַזונדערן אינטערעס האָט אַרויסגערופן... דער קאָנספּי־ראַטאָר 'סאַלעק' מיט זיין פאַרכמורעט פּנים פון וועלכן ס'האָט זיך אַראָפּגעלייענט דעצידירטקייט און פעסטער זעלבסט־גלויבן. זיינע זייטיקע בליקן פון הינטער די פאַרגרעסער־ברילן, האָבן אָפּגענומען דעם חשק צו פּרווון פאַרבינדן מיט אים אַ שמועס" (ז. 46).

„'לייב אַנאַרכיסט'... ער איז געווען אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, זייער אָפּגעלאָזן געקליידט, דער דאַשעק פון אויסגעריבענעם היטל שטענדיק אַראָפּגעלאָזט טיף איבערן שטערן. פון הינטער וועלכן ס'האָט אָפּגעלויכטן אַ פּאָר נערוועז מעלאַנכאָלישע אויגן. זיינע אויסגעקרימטע ליפּן האָבן זיך בעתן ריידן שווער באַוויגן, ווי ער וואָלט צעקייט יעדעס אויסגערעדטע וואָרט. ער האָט געשאָטן מיט פאָרמולירטע געדאַנקען, ווי אַן אמת־דערפאַרענער דיספּוטאַנט... אינם אַנאַרכיזם... האָט ער זיך שפּיגענאַרטיק פאַרוועבט, אַזוי אַז ער האָט נישט געזען דעם געזעלשאַפטלעכן האָריזאָנט. צו אַלעם האָט ער גע־רעדט מיט שאַבלאָן" (ז. 66).

„'מאַרילאַ הוזאַרסקאַ־האָפמאַן'.

...איך געדענק זי פון וואַרשע 1930. אין די קאַלטע ווינטער־אָוונטן געקומען פון פּראַגע... אין שטאָט אַריין אויף פאַרזאַמלונגען, גלייך פון דער אַרבעט, נישט געגעסן, געלאָפן צו אומלעגאַלע פאַר־זאַמלונגען און זיצונגען; געווען פאַרטרויאונג־מענטש פון דער גרופּע, געשאַפן יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון שול־קינדער, זינט דער צייט ווען זי איז נאָך אַליין געווען אַ שול־מיידל. ביי דער אומלע־גאַלער צייטונג ('וואָלקאַ קלאַס' — קלאַסן־קאַמף), געדרוקט אויף אַ קליינער מאַשינקע, האָט מאַרילאַ טאַקע געאַרבעט אַ לאַנגע צייט. די אַרבעט האָט געפאָדערט אחריות, פּינקטלעכקייט און ערנסט. מאַרילאַ האָט באַזעסן די דאָזיקע אייגנשאַפטן אין אַ גרויסער מאָס. שטענדיק מיט אַ שמייכל אויפן געזיכט און מיט אַ פריינדלעך וואָרט צו יעדן איינעם" (ז. 72, אנמערקונג).

דאָס בוך פאַרמאָגט אַ סך שיין געצייכנטע פּאָרטרעטן פון די יידיש־פּויליש און קריסטלעך־פּוילישע חברים, קעמפער פאַר דעם אַנאַרכיסטישן אידעאַל פאַר וועלכן זיי זיינען געגאַנגען ביז צו מסירת־נפש, ווייל דער פּוילישער שוואַרץ־רעאַקציאָנערער רעזשים האָט די אַנאַרכיסטן גרויזאַם פאַרפאָלגט.

מיר האָבן בלויז אַרויסגענומען עטלעכע בילדער פון פילע, וואָס זייַנען מייסטערהאַפט געמאָלן.

ג

דאָס בוך אַנטהאַלט אויך טעאָרעטישע אויפפאַסונגען. עס צייגט אָן די פאַרשיידענע ריכטונגען אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין פוילן, און לייגט דאָס הויפּט־געוויכט אויף דעם קאַמף קעגן מאַרקסיזם און די מאַרקסיסטן־לעניניסטן.

מ'מוז זיך באַפרייען פון די „סאָציאַליסטישע זאַבאַבאַניעס" וואָס די מאַרקסיסטן־לעניניסטן פאַרשפּרייטן מיט אַזאַ התמדה. דעם אַנאַרכיסט אין זיין פּראָפּאַגאַנדע קומט אויס אויפצודעקן די פעלערן און בויזן וואָס געפינען זיך אין דעם אַזוי גערופענעם „סאָציאַליזם" וואָס איז שטאַט־קאַפּיטאַליזם אָדער מאָנאָקאַפּיטאַליזם וואָס די מאַרקסיסטן פון אַלע ריכטונגען ווילן איינפירן אנשטאט דעם פּריוואַט־קאַפּיטאַליזם, אָדער אַקציעס טראַסטן־קאַפּיטאַליזם, וואָס איז אייגנטלעך פּאָליקאַפּיטאַליזם, אויף וועלכן עס האַלט זיך דער בורזשואַזער איינשטעל.

„דער שטרייט קעגן די מאַרקסיסטישע אינטערנאַציאָנאַלן, האָט אין אונדזער צייט און באַדינגונגען אויסגעזען צו זיין דער סאַמע קאַמף־צענטער, בכדי צו מאַכן אָרט פאַרן אַנטשטיין פון דער פריי־הייט־באַוועגונג, נאָך אפשר פריער, ווי דער קאַמף קעגן די באַזיצער פון מאַכט און קאַפּיטאַל. אונדזער קאַמף קעגן מאַרקסיזם האָט דע־ריבער איצט אויסגעזען נישט נאָר ווי אַן איבערחזרונג פון דער געשיכטע פון באַקונינס אַרויסטריט קעגן מאַרקסן, נייערט ווי אַ בויטיקער המשך, וואָס דאַרף אויסגעברייטערט ווערן קעגן פאַר־צווייגטן מאַרקסיזם בכלל" (ז. 35).

„אַ גאָר וויכטיקן אָרט אין דער באַוועגונג־פּראָפּאַגאַנדע האָט פאַר־נומען דאָס אָפּוואַרפן דעם גלויבן אין די 'היסטאָרישע געזעצן', וואָס פירן צו דער רעוואָלוציע — דער בשותפותדיקער פאַלשער משיחיזם, וואָס האָט זיך אייַנגעוואָרצלט אין אַלע מאַרקסיסטישע ריכטונגען, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער אַרבעטער גאַס" (ז. 76).

דער שאַרף פון דער אַנאַרכיסטישער אויפקלערונג מוז זיין אין אונדזער צייט אומבאַדינגט געווענדט קעגן די סאָציאַלע פאַלש־משיחישע אַבערגלויבערייען וואָס די מאַרקסיסטן־לעניניסטן פאַר־שפּרייטן צווישן די מאַסן, פּרעדיקן זיי מיט שוים אויף די ליפּן...

זיי ווילן היילן די חולאת פון קאַפּיטאַליזם מיט אַ רפואה, וואָס

איז ערגער פון דער קראַנקהייט, אבער אַט־די סם־המוותדיקע רפואה, אַט־דעם ביטערן פּיל, האָבן זיי צוגעדעקט מיט אַ דינעם הייטל פון לאַקרעץ־זיסע צוזאָגונגען פון אויסלייזונג, וואָס זיינען פאַלש ווי די ערגסטע עבודה זרה...

זיי שמועסן איין די אַרבעטער־מאַסן אַז זיי גייען אפּשאַפן דעם הערשנדיקן קלאַס בשעת זיי פאַרבייטן איין געוועלטנדיקן קלאַס מיט אַ צווייטן. אנשטאָט דער אויסגעשפּילטער בורזשואַזיע שטעלן זיי אַוועק אַ נייעם קלאַס פון הערשער און עקספּלואַטירער וואָס פיגורירן אין דער געשטאַלט פון אָרגאַניזירער און פאַרוואַלטער פון דער נאַציאָנאַליזירטער סאָציאַליזירטער ד.ה. שטאַטיזירטער, מאָנאָ־פּאָליזירטער ווירטשאַפט.

זיי פירן איין אַ נייע טיראַניי וואָס פאַרטונקלט מיט איר אכזריות די ערגסטע צייטן פון מיטלאַלטער און אפילו פון אַלטערטום.

ד

דער מחבר, אליעזר הירשאַוגע, האָט געשטעלט מיט זיין בוך אַן אומצעשטערבאַרן מאָנומענט דעם עקסטרעם־ראַדיקאַלן סעקטאָר פון פּוילישן יידנטום, וואָס איז אַזוי אַכזריותדיק פאַרשניטן געוואָרן פון די חיות־רעות, די דייטשע נאַציס און זייערע אַרויסהעלפער, די אָפּפאַל־ברואים, שמעטניק־באַשעפענישן, די שרצים ורמשים פון אַנדערע פעלקער.

פאַר אַט־דעם פאַרדינסט האָבן מיר ניט גענוג ווערטער אים צו באַדאַנקען.

מיט זיין וויכטיקן ווערק האָט דער מחבר, וואָס איז פרי אַוועק פון אונדז, אויך זיך געשטעלט אַ פּרעכטיקע וואָרט־סטאַטוע.

זיין אומפאַרגעסלעכער אַנדענק וועט בליען און ברענגען פרוכט דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג.

אין דעם גאָרטן פון זיין בוך, צווישן זיינע צווייגן און בלעטער נעסטן פויגעלעך, וואָס זאָגן שירה צו דער פרימאָרגנדיקער זוניקער צוקונפט פון דעם פרייען יחיד, דעם מענטשן, וואָס וועט זיין ראוי צו טראָגן אַט־דעם שטאָלצן נאָמען — מענטש.

פון בוך גייט אויף אַ דערמוטיקונגס־געזאַנג צו דעם בן־אדם, וואָס פון דער טיפסטער שפלות, פון סאַמע אָפּגרונט פון פאַרקנעכטונג, רייסט זיך מיט כל הכוחות צו די בלויע פרייע הייכן — און ער וועט זיי דערגרייכן.

אליעזר הירשאוגע

# טרוים און פאַרווירקלעכונג

## פאַרגעסט אונדז ניט!

ביים אנהויבן אָט־די אַרבעט פון פאַרצייכענען די אידעאָלאָגישע שטרעמונגען פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין פוילן, האָבן פון מיר געמאנט אנצאָליקע געשטאַלטן און פאַקטן דערמאָנט צו ווערן. זיי האָבן זיך ווי געבעטן: פאַרגעסט אונדז ניט!

ווי פרייהייטלעכע סאָציאַליסטן, האָבן סיי די מיטגלידער פון דער סינדיקאַליסטישער פעדעראַציע, סיי די אַנאַרכיסטישע גרופּן און סימפּאטיזירנדיקע יחידים, נישט אנגענומען דאָגמאַטיש, וועלכע ס'איז ריכטונג אינ'ם אַנאַרכיזם אַלס געזעצן. די אויפטרייסלונגען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, די האָסטיקע אַנטוויקלונג פון די טעכנישע דערגרייכונגען, וואָס האָבן מיט זיך געבראַכט אַן איבער־ווערטונג פון פיל סאָציאַלע ווערטן, האָבן — פון אונדזער שטאַנד־פונקט — געפאָדערט צו פאָרמולירן די צילן, אין הסכם מיט די נייע לעבנס־דערשיינונגען. יעדער אויף זיין שטייגער, לויט זיינע פעיקייטן, האָט זיך באַמיט דעם אַנאַרכיסטישן אידעאַל צו געבן אַ פאַראַווירק־לעכבאַרן זינען. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין די חברישע שמועסן, אין די דיסקוסיעס אויף די גרופּן־פאַרזאַמלונגען, פיל בולטער, ווי אין דער אָפיציעלער שריפטלעכער און מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע וואָס איז אנגעפירט געוואָרן פון די וואָרטזאָגער פון דער באַוועגונג. בכדי אַרויסצוברענגען דעם אייגנאַרטיקן גייסטיקן באַגאַזש פונם אַנאַרכיסטישן קאָלעקטיוו אין פוילן, האָב איך זיך באַמיט דערינערן די קלענערע און גרעסערע אונטערנעמונגען, וועלכע זענען געווען אַ רעזולטאַט פון איניציאַטיוופולע גרופּן און יחידים; ווי ווייט מעגלעך צו באַשרייבן די פשוטע צווישן־חברישע באַציונגען, באַשיידענע מעשים פון פּאָפּולערע חברים און אויך געבן זייערע כאַראַקטער־שטריכן — פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע, ווי איך האָב זיי

געקענט און ליב געהאַט אַלס מענטשן אָן פּרעטענזיעס צו „פירער־
שאַפט״, נישט אויסבאַהאַלטן זייערע שוואַכקייטן. וואָס מער כ׳האָב
זיך אָנגעשטרענגט אויפצולעבן אין זכרון אַזעלכע פאַרגאַנגענע
בילדער, האָבן זיי מיך פאַרבלענדעט ווי בינטלעך ליכט־שטראַלן;
שווער געווען פאַנאַנדערצוקלויבן זיך ווער זענען עס די סאַמע לייכטנ־
דיקסטע. ביים מאָלן מיט דער פעדער נאָר איינציקע פון זיי, וואָס
האָבן שאַרפער אויפגעטויכט פון פאַרגעסונגס־תהום, אַ דאַנק מער
פערזענלעכער באַקאַנטשאַפט, אָדער אַלגעמיינער פּאָפּולאַריטעט דורך
זייערע געדאַנקען און טאַטן, האָב איך פערהערט ווי פיל־פיל אַנדערע
האָבן גערופן צו מיר „פאַרגעס אונז נישט!״ — אָבער מיין זכרון
און וואָרט־אויסדרוק האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו אָרעם צו באַפרידיקן
זייערע גערעכטע פאָדערונגען. כ׳האָב דעריבער זיך באַגנוגנט מיט
מוסטער געשטאַלטן און פאַקטן, וואָס קענען העלפן דערקענען די
אידעאישע אויפפאַסונגען אין דעם אַנאַרכיסטיש־דענקענדיקן קרייז
פון פוילן, וואָס די ברוינע סטיכיע האָט כמעט ווי אָפּגעמעקט זיין
עקזיסטענץ.

די „אונטערערדישע״ באַדינגונגען אין וועלכע ס׳איז געפירט גע־
וואָרן די באַוועגונגס־טעטיקייט, די סודותפולקייט — צוליב נויטיקער
קאָנספּיראַציע, — האָבן געשטערט דאָס באַקענען זיך מיט זיי גרינט־
לעכער; אַפילו פאַר אייגענע האָט געגילט דער פּרינציפּ: „וואָס
ווייניקער וויסן ווער און ווי אַזוי עס ווערן אויסגעפירט אַרבעטן —
אַלץ געזינטער איז״. דער שרעקלעכער חורבן־פוילן, אונטער וועלכן
ס׳איז באַגראָבן געוואָרן דער גרויסער רוב פון אונזערע דאָרטיקע
אידעען־ברידער צוזאַמען מיט כמעט אַלע פאַרנאָטירונגען זייערע,
האָט פאַרווישט די שפּורן פון זייער לעבן און קעמפן. די צאָל גע־
ראַטעוועטע פון די געוועזענע טעטיקע חברים איז, ליידער, זייער
קליין און דערביי זיינען זיי צעשפּרייט איבער פיל וועלט־טיילן
(אויך הינטער דעם „אייזערנעם פאָרהאַנג״), אַזוי אַז צו באַקומען
פון זיי מאַטעריאַלן זעט איצט אויס אַן אוממעגלעכקייט. כ׳האָב דער־
פאַר אָנגענומען דעם ראַט פון נאָענטע פריינד אַרויסצוברענגען מיינע
באַשיידענע דערינערונגען און באַמערקונגען, הגם נאָר געזעענע
דורך יחידישע אויגן־פענצטערלעך. צוליב דעם טאַקע קומען אין
די וויטערע שורות אַמבולטסטן צום אויסדרוק די וואַרשעווער חברים
און גרופּן, אגב דער וויכטיקסטער אידעאישער צענטער אין פוילן —
מיין היים־שטאָט — און בלויז אַלגעמיינע שטריכן וועגן דער באַ־

ווענונג אַלס אַזעלכער אויף וויפל זי איז מיר באַקאַנט געווען. דאָס זעלבע אויך בנוגע דעם צייט־אָפּשניט, אַרומנעמענדיק נאָר די יאָרן 1928—39, ווען כ׳בין געווען נאָענט מיט דער געשילדערטער סביבה.

כ׳האָב זיך אויך באַמיט אַרויסברענגען די שטימונגען פון אונזערע חברים אין די טעג ווען די צוויי שוואַרצקייטן — דער היטלעריזם פון מערב און די סאָוויעטן פון מזרח — זענען אַריינגעדרונגען אין פוילן; אויפן סמך פון באַגעגענישן נאָכן קריג (1945—6) מיט געוועזענע אַקטיווע באַוועגונגס־מיטגלידער, ניצול־געוואָרענע פון היטלער־גהנום, ווערן אויך אָנגעוואָרפן עטלעכע שטריכן וועגן גורל פון אונזערע אידעען־פריינד וואָס האָבן זיך געפונען אין די נעגל פון דער ברוינער בעסטיע און וועגן דער אָפּערבאַרער רעטונגס־הילף וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן פון די פוילישע חברים.

*

זאָל אויסגעדריקט ווערן אַ דאַנק די לעבנגעבליבענע ח״ח לאָלאַ, שמחה, העניעק, מיין פרוי און חברטע דינה — אין ישראל, די שוועסטערן מאַניע און פרידא — אין קאַנאַדע, און בראַכאַ, יולעק, פּאַוועל, עדזשע — הינטערן „אייזערנעם פאָרהאַנג״, פאַר זייערע באַמערקונגען און דערגאַנצונגען וועגן פאַקטן און פערזאָנען. כ׳וויל האָפן, אַז ביי די אַלע אַנדערע חברים, וואָס געפינען זיך אין פאַרשיידענע ווייטקייטן, וועט די דאָזיקע אויסגאַבע דינען ווי אַ דערמאָנונג צו דערפילן זייער פליכט, אַז דער רוף „פאַרגעסט אונז נישט״ זאָל באַקומען זיין פולן תיקון דורכן ביישטייער פון זייערע דערינערונגען אַרויסצוברענגען דאָס בילד פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין פוילן אין דער פולער מאָס.

* * *

ווי טראַגיש ס׳זאָל אויף אונז נישט ווירקן דאָס צוריקקערן זיך מיטן זכרון צו דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע האָט געאָטעמט מיט אַזאַ פרייהייטלעך־רעוואָלוציאָנערן שווונג און האָלט פאַר אונזערע אויגן אַזוי פיל ליבע געשטאַלטן, וואָס זייער אומקום רופט ביי אונז אַרויס יתומים־טרויער, איז אבער דאָס פאַרגעסן אָט־די פאַרגאַנגענהייט אַ פאַרלייקענונג פון אונזערע אייגענע אינהאַלטסרייך־דערכגעלעבטע טעג. די דערפאַרונג איז אַ ליבלעכע מוטער, וועלכע היט אונז אויס פון ווייטערדיקע שטרויכלונגען. דאָס בליקן אין נעכטן,

אויפזאַמלען די ליכט־שטראַלן, וואָס רייסן זיך פון די קברים פון אונטער די חורבות פון פוילן — קאָנען אונז פיל לערנען ווי אַזוי אָנצוגיין מיטן ווייטערן פאַרשפּרייטן דעם אַנאַרכיסטישן אידעאַל און אויך דערמוטיקן צום קאַמף קעגן די פינצטערע כוחות, וואָס פאַרמעסטן זיך צו ברענגען נייע חורבנות.

**א. ה.**

תל־אביב, מאי 1953.

1

## באַקונינס איינפֿלוס

### א

עס איז זעלטנס צו טרעפֿן אַ מענטשן, וואָס זאָל נישט אָנערקענען דעם אַנאַרכיזם אַלס אַ דערהויבענע צוקונפֿטס־אידעע. די נעגאַציע פֿון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג — סיי אַבסאָלוטיסטישע רעזשימען, סיי דער אַזוי גערופֿענער דעמאָקראַטישער שטאַט, — וואָס דער אַנאַרכיזם האָט אַרויסגערוקט, האָט אין אַלע צייטן פֿאַרכאַפּט מיליאָנען מענטשן. די פֿראַגע אָבער ווי אַזוי צו פּראַקטיצירן אונזער אידעאַל אין טעגלעכן לעבן און שוין *היינט* און מיט די איצטיקע מענטשן, ווי זיי זענען — מיט אַ יאָרן־לאַנגער טראַדיציע פֿון אַן אויטאָריטעט־קולט — מאַטערט אַלע מאָל אַפֿילו די, וועלכע האַלטן די פֿרייהייטס־אידעע אַלס אומטיילבאַרן לעבנס־אינהאַלט פֿון זייער יחידישער און געזעלשאַפֿטלעכער עקזיסטענץ. שטודירן מיר די ליטעראַטור פֿון אונזער באַוועגונג, אַפֿילו פֿון יענע צייטן ווען „די רעוואָלוציע איז געשטאַנען הינטער דער טיר“, איבערצייגן מיר זיך, אַז די פֿראַגע, ווי אַזוי הויבט מען אָן *בויען* די נייע אָרדענונג, האָט פֿאַר אונזערע טעאָרעטיקער אויסגעזען צו זיין אַ נישט לייכטערער קאַפּיטל, ווי דאָס באַזייטיקן די אַלטע.

יעדער מאַכט־אָנהענגער, וואָסער „אידעע“ ער זאָל נישט פֿאַרטרעטן, קען אייך גלייך געבן אַ קורצן ענטפֿער אויף דער פֿראַגע, ווי אַזוי ער שטעלט זיך פֿאָר דורכצוזעצן אין לעבן זיינע צילן: „גיט מיר די *מאַכט*, כּל־זמן סאָלדאַטן און קאַנאָנען, תּפֿיסות און פּאָליציי — און...“ דער אַנאַרכיסט, דאַקעגן, וועט קודם־כּל דערקלערן, וואָס עס *דאַרף* „אָפּגעשאַפֿט ווערן“ און דאַן ערשט נעמט ער אויסרעכענען אַ לאַנגן צעטל פֿון ענדערונגען: אויפֿוועקן די יחידישע

איניציאַטיוו, קעגנזייטיקע הילפס־געפילן, אַנטוויקלען זעלבסט־דיס־ציפּלין און נאָך פיל גאָר דערהויבענע מענטשלעכע אייגנשאַפטס־איבערגעשטאַלטיקונגען. קיינער קען נישט לייקענען, אַז מיט אַזעלכע „עלעמענטן" קען מען אויפשטעלן די שענסטע געזעלשאַפטלעכע געביידע. נאָך אַזעלכע אויפקלערונגען דערזעט אָבער דער צוהערער — און אויך דער פּראָפּאַגאַנדיסט גופא — אַ תהום פאַר זיך, ביים פירן אונזער טרוים צו פאַרווירקלעכונג. דערזעלבער איינדרוק באַקומט זיך אויך ביים שטודירן פיל פון אונזערע טעאָרעטישע קלאַסישע ווערק; ווען זיי דערהויבן אפילו דעם שטודענט צו באַגרייפן מעגלעכע צור־קונפטס־דערגרייכונגען, לאָזן זיי נאָך איבער ביי אים די פראַגע וועגן די פּראַקטישע וועגן, וואָס קאָנען דערנענטערן צום ציל. די באַ־וועגונגס־געשיכטע מיט אירע דינאַמישע רעוואָלוציאָנערע פּערזענ־לעכקייטן, וועלכע האָבן זיך באַמיט שאַפן אַ קפיצת הדרך פאַרן אַנאַר־כיסטישן אידעאַל, גיבן ערשט דעם אַנאַרכיזם אַן אנדייט פון פּראַקטישן פּלאַן.

מיכאַיל באַקונין, וועלכער פאַרנעמט דעם סאַמע אויבן־אָן צווישן די, וואָס האָבן געפּלאַסטערט אַ וועג פאַרן פּראַקטישן אַנאַרכיזם, ציט צו זיך דעריבער די באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט, מצד די וואָס ווילן געפינען אַ מעטאָד ווי צו באַזייטיקן אומישרדיקע דערשיינונגען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין גייסט פון פרייהייטלעכן סאָציאַליזם. ער האָט געגלויבט, אַז „גערעכטיקייט געפינט איר אין דעם באַוווסט־זיין פון יעדן מענטשן און דער אינהאַלט (פון גערעכטיקייט) לאָזט זיך איבערגעבן אין איין וואָרט: „גלייכהייט"; ער איז געווען איבערצייגט, אַז „פרייהייט אָן סאָציאַליזם — איז פּריווילעגיע און אומגערעכטיקייט, און אַז סאָציאַליזם אָן פרייהייט — איז שקלאַפעריי און בעסטיאַליטעט". דערפאַר איז דער פרייהייטלעכער סאָציאַליזם פאַר אים געווען אַ לעבנס־תורה, וואָס לאָזט זיך, און ס'איז אונזער פליכט, שוין היינט צו רעאַליזירן זי אין לעבן. דאָרט ווו ס'זענען געווען אַרבעטער־אַרויסטרעטן פאַר זייער סאָציאַלער פאַר־בעסערונג, האָט באַקונין געמיט זיך אַריינצופלעכטן אין זייער קאַמף דעם פרייהייטס־פּרינציפּ; ווו ס'איז אַנטשטאַנען אַ פרייהייטס־קאַמף (ווי די אויפשטאַנדן פון די סלאַווישע פעלקער קעגן צאַריזם — אין זיין צייט), האָט ער הויך פּראָקלאַמירט דעם סאָציאַלן פּרינציפּ אַלס אומבאַדינגטן פאַקטאָר פאַרן דערגרייכן זייער ציל. ער האָט געטון אַלץ, אַז דער אַנאַרכיסטישער אידעאַל זאָל דערגיין צום באַוווסט־

זיין פון די יחידים און באַאײַנפלוסן געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס מיט סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן. זיינע געדאַנקען און מעשים האָבן אים פאַרוואַנדלט אין „פּאָטער פון טאַט”. אויך אין דער אַנאַרכיס־טישער באַוועגונג פון פוילן, בפרט אין די אָרגאַניזירטע רייען פון די סינדיקאַליסטישע גרופן איז געווען באַזונדער מערקעוודיק באַקונינס איינפלוס; די יוגנט און ענערגיע־פולע מענטשן האָבן אים באַטראַכט אַלס וועג־ווייזער אין אַלע זייערע האַנדלונגען.

ב

די אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישע באַוועגונג, וואָס איז אַזוי שטאַרק באַאײַנפלוסט געווען פון באַקונינס טעאָרעטישן צוגאַנג און פון זיין פּערזענלעכן רעוואָלוציאָנערן ביישפּיל, ווערט אָפט באַטראַכט פון די אַנדערע אַנאַרכיסטישע ריכטונגען (אנארכ. קאָמוניסטן) אַלס אונ־זער „יוגנט”־באַוועגונג טאָקע צוליב איר דינאַמיזם. די אַזוי גערופענע „אַלטע” באַטראַכטן אבער אַלס זייער חוב, מיטצוגיין מיטן יוגנט־שטראָם, האַלטנדיק זיך ביי דער אויפגאַבע צו הויבן דעם אַ נ אַ ר כ י ס־ט י ש ן גייסט אין די סינדיקאַליסטישע רייען. טראָץ די אידעאָלאָגישע אונטערשידן הערשט אין אַלע לענדער אַזאַ האַרמאָנישע צוזאמענ־אַרבעט צווישן די צוויי הויפּט־ריכטונגען. דער שווונג פון די סינדיקאַליסטישע גרופּן, זייער אָרגאַניזאַציע־באַמיונגען אויפן פּראָ־פעסיאָנעלן געביט, רופט אַרויס די העכסטע אנערקענונג אויך ביי די, וועלכע ווילן זען אין אַנאַרכיזם, אפילו אין זיין קאַמפּס־פאַזע אַן א י ב ע ר קלאַסן־ראַם און „שרעקן” זיך פאַר יעדער צענטראַליזירטער טעטיקייטס־פאָרם. אויך אין פוילן האָט זיך די צוזאַמענאַרבעט באַזירט אויף דעם דערמאנטן צוגאַנג. דער עפּיטעט „יונגע” און „אַלטע” זענען געווען די טעגליכע געברויכס־נעמען פאַר די צוויי ריכטונגען; די איבערוויגענדיקע מערהייט פון די סינדיקאַליסטישע אָרגאַניזאַציע־מיטגלידער איז טאָקע באַשטאַנען ס׳רוב פון יוגנט, אָבער די באַצייכענונג „יונגע” האָט בעיקר אנגעוויזן אויף דעם די־נאַמישן פאַרמעסט פון דער באַוועגונג, וואָס זי האָט דערגרייכט, מיט דער מיטהילף פון די „אַלטע”, אין די יאָרן פון פאַר דער טראַגישער אָקופּאַציע פון די היטלעריסטישע באַרבאַרן, וואָס האָבן, ליידער, אָפּגעהאַקט איר אַנטוויקלונג און אומגעבראַכט די לעבנס פון דעם רוב חברים — „יונגע” ווי „אַלטע”.

2

## די זוכער פון אמת

אין פוילן, ווי אומעטום, האָבן פיל חברים געפונען דעם וועג צו דער באַוועגונג נישט נאָר מחמת דער דערוואַכונג פון זייער קלאַסן־געפיל. ס'האָבן זיך אין איר אָנגעשלאָסן אַזעלכע, וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אין ספּעציעל יידישע סביבות, וואָס זענען געווען ווייט פון אַלע סאָציאַלע וועלט־פּראָבלעמען און ביים זוכן אַ „פענצטער צו דער וועלט" זענען זיי צוערשט געקומען אין צו־זאַמענשטויס מיט אַ „קאָלעקטיוון באַוווּסטזיין", וואָס האָט גאָר גע־שוועבט איבערן רעאַלן לעבן; פאַר די איז באַקוקנדיק געווען דער ערשטער וועקער פאַר אָפּזוכן די אַנאַרכיסטישע ווירקונגס־סביבה. ס'איז נישט קיין צופאַל, וואָס דער אַטעאיזם האָט פאַרנומען אַזאַ אָנגעזעענעם אָרט ביי ס'רוב טעאָרעטיקער פון פריערדיקן דור און אויך אין דער אַמאָליקער באַוועגונגס־פּראָפּאַגאַנדע. טראָץ דעם, וואָס כמעט אַלע רעליגיעס, אין זייער מקור, טראָגן אין זיך דעם ווילן צו דערהויבן דעם מענטש און אין אַלע קאַנאָנען ווערט אַזוי שטאַרק אונטערגעשטראָכן דער ווערט פון יחיד און זיין פרייהייט (די „בחירה־חפשית" ווערט דאָך פון אַלע „תורות" באַטראַכט אַלס הויפּט־פּרינציפּ, אַ דאַנק וועלכן זיי באַטיטלען דעם מענטש אַלס ב ח י ר ־ היצורים), האָבן דאָך די היעראַרכיעס פון די „מלכות־שמים ברענגער אויף דער ערד" שטאַרק געזינדיקט אין אָט דער ריכטונג. ווי וויניקע פון זיי האָבן זיך דאָס פאַרלאָזט אויפן מענטשלעכן פ ר י י ע ן ווילן אויס־צוקלויבן צווישן גוטס און שלעכטס. נישט נאָר האָבן זיי געזען אין מענטשן־באַצווינגערישן שטאַאַטס־סיסטעם אַן ערדישע פיליאַלע פון הימלישן קיניגרייך פאַר די טאָג־טעגלעכע רעגולירונגען פון ערדיש־מענטשלעכע ענינים, נאָר אויך מיט זיין הילף, טאַקע צ ו ו אַ נ ג, האָבן זיי געפּרוווט אָנוואַרפן דעם „עול מלכות השמים". נאָך מער: דער קלער האָט אנגענומען דעם שטאַטיזם אַלס ז י י ן אָרגאַניזאַציע־ראַם און פאָדערט פון זיינע אנהענגער צו זיין געהאָרכזאַמע אונטער־טאַנער און זעלנער. יעדער וואָס האָט נאָר געפּרוווט זיך אנטקעגנ־צושטעלן אָט דער געזעלשאַפטלעכער אומפרייהייט, האָט דירעקט געמוזט קומען אין צוזאַמענשטויס מיט די גייסטיקע באַצווינגער. ערשט בסך־הכל מיט איין אָדער צוויי דורות צוריק — איז דאָך דאָס אַכט־לייגן אויף יוגנטלעכנס רעליגיעזער אויפפירונג, פאַרעכנט גע־

ווארן אַלס נאַטירלעכע פליכט, וואָס ס'רוב עלטערן האָבן געהאַלטן פאַר הייליק. יעדער פאַרזוך פון אַ יונגן מענטשן צו שטעלן אַ זעלבסט־שטענדיקן טראָט אין זיין געדאַנקען־גאַנג אָדער האַנדלונג, איז צוריק־געשטויסן געוואָרן מיטן שפּרוך, ווי באַקונין פאָרמולירט עס: „אונ־זערע פאָטערס האָבן אַזוי געדענקט און געהאַנדלט, דאַרפן מיר אויך דענקען און האַנדלען ווי זיי". באַקונין איז דווקא געווען דער וואָס האָט אָפּגעשאַצט ווי געהעריק דעם באַדייט פון דעם קאָלעקטיוון באַוווסטזיין פון יענער צייט, ווי מ'זעט עס אין זיין בראשור „גאָט און שטאָט". אין פּוילן האָט נאָך אין די לעצטע יאָרן עקזיסטירט פאַרהעלטנסמעסיק געניג גרויסע קרייזן, בפרט אין יידישן לעבן, וווּ די יוגנט איז געשטערט געוואָרן דורכן „הימלישן רייך" צו קומען צום סאָציאַלן באַוווסטזיין. פאַר אָט די איז באַקונין געווען זייער דירעק־טער באַפרייער פון די „גייסטיקע" קייטן, און פיל האָבן אַ דאַנק אים געפונען דעם וועג צו אונזער באַוועגונג. אַלס איינער פון די יעניקע, וועקן זיך ביי מיר דערינערונגען, וואָס דערציילן ווי אַזוי צוזאמען מיט אַנדערע זוכער פון אמת, איך האָב דערגרייכט צום „אונטער־ערד" פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין פּוילן און צו אַנדערע געדאַנקען־טרעגער, וואָס האָבן געטיילט דעם געזעלשאַפט־באַנעם פון בונטאַרישן באַקונין.

3

## בלאנדזשענדיקע „גייסטער"

א

**װ**אַרשע — די רעזידענץ פון דעם „נייעם פּוילן", ווי מ'האָט עס גערופן שוין 10 יאָר נאָך דער געוווּנענער זעלבסטשטענדיקייט (1928) — האָט דעמאָלט געררישט מיט אייראָפּעאישן גרויסשטאָטישן לעבנס־טעמפּאָ. אויך אינם יידישן 300 טויזנדיקן ישוב האָט זיך פיל געענדערט זינט דעם פאַל פון צאַרס ממשלה איבער דעם אָקופּירטן לאַנד־שטח. ס'האָבן עקזיסטירט און זיך וואָס־אַמאָל מער אַנטוויקלט ריזיקע קולטור־אונטערנעמונגען, אַרבעטער־אָרגאַניזאציעס, וואָס די כוואַליעס פון פּראָגרעס האָבן זיי געטראָגן אויף פאָרויס. די „וועלט־לעכקייט" האָט אויך אויסערלעך באַהערשט די יידישע גאַסן און קוואַרטאַלן. דאָך האָבן נאָך דאָ און דאָרט, ערגעץ אין אַ „צווייטן הויף" פון אַ טיפּישער האַנדלס־גאַס, געגעסט „שאַרפע שטיבלעך"

(היימישע, חסידישע בתי־מדרשים), ווו די יוגנט איז נאָך געגאַנגען
אין די אויסגעטראָטענע וועגן פון זייערע זיידעס און אור־זיידעס.
גאַנצע טעג האָבן זיי געלערנט שווערע גמרא־סוגיאס, פאַרטיפט זיך
איבער איינצלהייטן פון דינים, וואָס זענען פאַרבונדן מיט „קרבנות",
וואָס האָט געגילט ווען דער בית־המקדש האָט נאָך עקזיסטירט און
וועלן צוריק ווערן אַקטועל ביי זיין צוריק־אויפגעבויט ווערן לעתיד־
לבוא. גאָר יוגנטלעכע האָבן זיך אויפן קול איינגעחזרט בלעטער פון
„האשה נקנית" (אַ פרוי ווערט געקויפט...) ; די עלטערע האָבן מיט
האַלב־קרעכצנדיקע שטימעס זיך געשאָקלט איבער אַ ספר־המידות
און פאַרשטאָפט זיך די אויערן, ווען דורך די אָפענע פענצטער
האָבן זיך אַמאָל אַריינגעריסן שלאַגער־לידער פון הויז־מוזיקאַנטן —
נישט צו לאָזן זיך אָפרייסן פון זייער דביקות. ווי אומרויקע שאָטנס
האָבן אויך אַרויסגעשיינט, פון די געדיכט־באַזעצטע טישן, יונגע
געזיכטער מיט שטערנס פאַרקנייטשטע פון פאַרטיפונג און מיט
אין לופט־בלאָנדזשענדיקן אויפן אַרום אַן אומענדלעכן פראַגע־צייכן.
אין אָט אַזאַ וויזיאָנערן דרימל זענען דורך אין זייערע מוחות נעמען
פון „פאַרבאָטענע" ביכער, געדאַנקען פון די מחברים, וואָס האָבן
זיך איינגעקריצט אין זייער זכרון אין די שפעטע נאַכט־שעהן, לייע־
נענדיק זייערע ווערק ביי אָרעמער באַלויכטונג, בכדי נישט צו וועקן
דעם שלאָף פון די „שטייגער היטער" — זייערע עלטערן. די באַ־
ספרים'טע ווענט האָבן טיילמאָל אין אַ גוטן העלן טאָג אויסגעטיילט
פאַר זיי אַ פינצטערקייט געמישט מיט מרה־שחורה. ווי אַ רעטונגס־
מיטל צו באַפרייען זיך פון מיסטעריעזן אומעט, האָט געדינט דאס
בגניבה'שע אַרויסכאַפּן זיך אויף דער גאַס. אין סאַמע זיד און קאָך
פון טומל, מיטן גרילץ פון דעם ראָד־פאַרקער, די פאַרשידנפאַרביקע
און הילכיקע שמועסן פון די דורכגייער — אין אָט דעם רעש־
דזשונגל — האָבן זייערע מחשבות זיך דערהויבן צו הימלישער
לויטערקייט און ווייטקייט. אָט אַזעלכע „שפּאַצירן", וואָס פלעגן זיי
פאַרשלעפּן ערגעץ העט־ווייט אין אַן אומבאַקאַנטער פּוילישער געגנט
(וואָס איז פאַר אַזאַ יונגנטלעכן, פון נישט פאַרצוימטן געטאָ, געווען
די „אַנדערע עק וועלט") האָבן זיי אָפט געפירט צו אַ ציל. דאָרט
האָבן זיך צוזאמענגעטראָפן אַזעלכע צו זיך ענלעכע בלאָנדזשענדיקע
נשמות ; גיך זיך באַקענט, פאַרפירט שמועסן איבער קעגנזייטיקע
אָנגעווייטיקטע טעמעס, און אַמאָל אויך געפונען אַן ענטפער אויף
איינעם פון די טויזנטער פאַרוואָסן, וואָס האָבן זיי געמאַטערט.

ב

אויף אַזאַ „שפּאַציר" און ביי אַ באַגעגעניש מיט די „בלאָנדזשענ־
דיקע גייסטער", האָב איך זיך אַמאָל דערוווּסט, אַז כ'בין אַן
אַנאַרכיסט. באַקוקנס „גאָט און שטאַט" האָב איך שוין דאַן געהאַט
געלייענט, אָבער ווי מען רופט אַזאַ מענטשן, וואָס וויל אַליין און
אויך אַנדערע זאָלן זיין פ ר י י — האָב איך נאָכנישט געוווּסט. האָט
מיר טאַקע אַן אַנדערער לאַנג־קאַפּאָטיקער, באַפּאותדיקער, ווי איך,
„קריכער" אין „יענע גאַסן" אויסגערעכנט נעמען פון פרייהייטלעכע
טעאָרעטיקער און זייערע ווערק, וואָס נאָכן באַקענען זיך מיט זיי,
האָט פאַר מיר אויפגעלויכטן אַ נייע גייסטיקע וועלט, געשאַפן דאָ
אויף דער ערד, פון און פאַר די מענטשן אויף איר, מיט אַזאַ ברייטער
מעגלעכקייט פון דערהויבונג. ס'איז מיר אויך אַנטפּלעקט געוואָרן
דער פולער „שם המפורש" פון דער גרויסער אידעע: אַ נ אַ ר כ י ז ם.

*

דעם „טויטן אַנאַרכיזם", טעאָרעטישע ליטעראַטור, איז אין דעם
גייסטרייכן וואַרשע גאָרנישט שווער געווען צו געפינען. אַפילו אין
דעם דאַמאָלס ענגן זאַל פון דער יודאַיסטישער ביבליאָטעק ביי דער
יידישער סינאַגאָגע, ווו מ'האָט געלייענט אין „צוויי שיכטן" (4—6
און 6—8 אָוונט), האָט מען שטענדיק געקענט טרעפן מער ווי אַ מנין
בחורים „גאָט־זוכער" שטודירן אַנאַרכיסטישע ווערק. דאַקעגן קאָנ־
טאַקט מיט דעם ל ע ב ע ד י ק ן אַנאַרכיזם, דאָס הייסט באַוועגונגס־
מענטשן, האָט עפּעס אויסגעזען צו זיין אַן אומדערגרייכבאַרע זאַך.
איך האָב שוין דאַן געקענט אַלע אַדרעסן פון די קולטורעלע און
פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זייערע שילדן האָבן בולט זיך אָנ־
געזען אין דער יידישער געגנט. די אומלעגאַלע לאַגע פונם אַנאַרכיזם
אין פּוילן האָט געצוווּנגען די באַוועגונג זיך צו האַלטן אין שאָטן
פון אומבאַקאַנטקייט. אַפילו די סינדיקאַליסטישע באַוועגונג, וואָס
האָט שוין דאַן געהאַט אַנטוויקלט אַ באַדייטנדיקע טעטיקייט אין
געוויסע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, איז געווען אומצוגענגלעך פאַר אַ
יוגנטלעכן פון „יענער זייט באַריקאַדע פון קלאַסן־קאַמף", וואָס איז
נאָכנישט געווען אַריינגעצויגן אין די אַרבעטער־קרייזן. נישט איינ־
מאָל, אַזוי לעבנדיק אין איינזאַמקייט, אַפילו מורא האָבנדיק אַרויס־
צוזאָגן צו וואָסער אידעע איך בין דערגאַנגען, און וואָס מער פאַר־
טיפנדיק זיך אין אונזער ליטעראַטור — האָט מיין יוגנט פאַנטאַזיע

געשטורעמט צו ווערן אַן „אַפּאָסטאָל” און טראָגן אַט־די הויכע אידעע צווישן מענטשן. איך האָב שפּעטער קענענגעלערנט, אַז אַזעלכע יחידים, וועלכע האָבן נישט געפונען דעם וועג צו דער באַוועגונג צוליב וועלכער ס׳איז סיבה, האָבן טאַקע געפּראַוועט „אַפּאָסטאָלסטוואָ” לויט זייער אייגענעם איינטייטשן אינם אַנאַרכיזם, אין פאַרשידענע ווינקלעך פון פּוילן.

כדאי צו באַמערקן, אַז אַן „אַנאַרכיסט” איז אפילו אין די „פאַרגעשריטענע” קרייזן באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ יוצא־דופן. די מערהייט האָט נאָך געקענט דעם אַנאַרכיזם פון דער טעראָריסטישער טעטיקייט בעתן צאַרס ממשלה. הגם דער אָנדענק פון ברוך שולמאַן און אַנדערע העלדישע אַטענטאַטער, איז געפּייערט געוואָרן מיט דער גרעסטער הייליקייט און אפילו דער „בונד”, וואָס איז בשעתו געווען קעגן „טעראָר”, האָט שטאַרק געיחוסט זיך מיט הירש לעקערטס העלדישער טאַט — איז דאָך אין דער נייער „פּאַרלאַמענטארישער רעפּובליק” באַטראַכט געוואָרן דער אַנאַרכיזם אַלס שטרעבונג אויפצולעבן אַ „געשטאָרבענעם גאָט”. ליידער האָבן ווייניק געקענט דעם אַנאַרכיזם אין זיין ברייטערן פאַרנעם — אַלס וועלט־ און מענטש־אויפפאַסונג. אַ פאַקט איז אבער, אַז צו די ס י נ ד י ק אַ ל י ס ט ן, איז די באַציונג פון דער „עפנטלעכער מיינונג” געווען אַ גאַנץ אַנדערע. מ׳האָט זיי נישט ווייניק פאַרגעוואָרפן פאַר דער נויגונג צום אַנאַרכיסטישן „אוטאָפּיזם” (שטאַטלאָזיקייט), אבער מ׳האָט זיי געהאַלטן אַלס ווייטע פון „באָמבע געשפּענסט””. דאַקעגן די פּאָליציי־אָרגאַנען האָבן געהאַט אַן אַנדער צוגאַנג: זיי האָבן נישט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן די „לייכטע” און שווער־קאַליבערדיקע אַנאַרכיסטן. פאַרקערט, גראָד די מער „פּראַקטישע”, „רויקערע” — די ס י נ ד י ־ ק אַ ל י ס ט י ש ע טעטיקע אָרגאַניזאַציע־מיטגלידער האָט די פּאָליציי געשאָנקען מער אויפמערקזאַמקייט, ווי צו די ק אָ נ ס ע ק ו ו ע נ ט ע אַנאַרכיסטן, צווישן וועלכע אייניקע האָבן זיך אפילו אַרומגעטראָגן מיט עקסטרעמע פּלענער, ווייל זיי האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין ברייטערן איינפלוס. דערפאַר טאַקע איז פיל לייכטער געווען זיך צו טרעפן מיט אַ גוטן „קענער פון אַנאַרכיזם”, ווי מיט אַ פּשוטן אָרגאַניזאַציע חבר, וועלכער האָט זיך געמוזט האַלטן אין שטרענגע קאָנספּיראַציע ראַמען.

4

## דער „אַלטער"

א

די ערשטע בשורה, אַז מיר קענען זיך טרעפן מיט אַ „לעבעדיקן" אַנאַרכיסט, האָט אונז געבראַכט איינער פון אונזער שוין דאַן קליינער באַפרייַנדעטער גרופּע „זוכער". נאָכן אָפּגעבן אַ פייערלעכע דערקלערונג וועגן קאָנספּיראַציע־דיסציפּלין, האָט ער אונז איבער־געגעבן דעם סוד, אַז ס'איז אים געלונגען זיך צו פאַרבינדן מיט אַ זייער חשובן חבר, וואָס ווינטשט זיך מיט אונז צו טרעפן. דאָס איז אַן אַלטער העברעאישער לערער, וואָס איז געווען טעטיק נאָך פאַרן „5־טן יאר" אין דער באַוועגונג און אַרום אים גרופּירן זיך אויך היינט אידעאישע חברים. מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויף דער געהיימער באַגעגניש מיט דעם „אַלטן" (אַזוי האָט מען אונז איבערגעגעבן זיין קאָנספּיראַציע־נאָמען) צו וועלכן מיר האָבן אָנ־געהויבן פילן נאָענטקייט נאָך זייענדיק אומבאַקאַנט.

* * *

אין אַ זומערדיקן שבת־נאָכמיטאָג, ווען די יידישע יוגנט האָט מיט זייער פייערלעכקייט פאַרפלייצט די ענגע טראָטואַרן, האָבן מיר (דריי דאַמאָלט) זיך אָפּגעפונען, ביי ראָג דזשיקע און מילאַ, אנגע־קליידט אין די שוואַרצע אויבערמאַנטלען און חסידיש־סאַמעטענע היטלעך. מיט אינערלעכן שטאָלץ האָבן מיר געקוקט אויפן רוישיקן אַרום; „אויך מיר ווילן זיך באָדן אין פרייד — האָט געשריגן אונזער צעהיצט געמיט — מיר גייען נאָר שעפּן וויסן ווי אַזוי די ערדישע פרייד צו מאַכן גאַנצער, דויערהאַפטער און פולער"...

נאָך אַ פּאָר מינוט גאַנג, כמעט שווייגנדיקע, זענען מיר אַריין אין הויף מוראַנאָווסקאַ 32; די הויכע גרוי־שמוציקע מויערן האָבן געלאָזט זען נאָר אַ קליין שטיקל לויטערן הימל, וואָס האָט אויסגעזען נאָך ווייטער און העכער ווי ער איז אין דער ווירקליכקייט, מחמת די פאַרעפּושטע קעלער־שטובן, וועלכע מיר זענען פאַרביי, אין וועג צום אַריינגאַנג אין אַן אַנדערן עקהויז. אַרויפקלעטערנדיק אויף די שטיגן האָט אונז באַגלייט יענער קינסטלעכער בין־השמשות, וואָס הענגט אַ גאַנצן טאָג אין די אָרעמקייט־קאָרידאָרן פון גרויסע גע־ביידעס. אונזער וועג־ווייזער האָט גיך דערטאַפּט, ווי אַ היימישער,

און דרייסט געעפנט אַ טיר און נאָך עפּעס אַ טיר — און אָט איז דערשינען פאַר אונז אַ גאַנץ געמיטלעכע שטוב. פון בעט האָט אַרויס־געשיינט דאָס געזיכט פונם „אַלטן״, וואָס האָט מיט אַ ליבלעכן שמייכל געענטפערט אויף אונזער באַגריסונג: „גוט שבת, גוט שבת!״ ער האָט אונז גלייך געבעטן זיך זעצן, פילן זיך היימיש און צורוקן די שטולן נעבן זיין בעט. ס'האָט זיך פאַרבונדן אַ שמועס וועגן שטרע־בונגען אין חסידות און דער „אַלטער״ האָט אָנגעוואָרפן משכילישע־פילאָזאָפישע וואָרטשפילן — אַלץ דורכגעפלאָכטענע מיט אפיקורסות. וועגן אַלץ האָט ער מיט אונז גערעדט, נאָר נ י ש ט וועגן אַנאַרכיזם. זיין שאַרפזיניקייט אין די שיחות חולין, זיינע טיף־געפאַסטע שאַרע־בלויע אויגן, וואָס האָבן געשפּיזלט ווי אין אין־סוף, די ענערגישע געזיכט־שטריכן, האָבן אונז איבערצייגט, אַז אויסער „שיין קיביצן״ איז פון דעם מענטשן פאַראַן אַ סך צו דערוואַרטן. זיין גרוי, קורץ־געשוירן בערדל און די לאַנגע, ווייסע האָר, פאַרקעמט אויף הינטן, וואָס האָבן דערמאָנט אין די אַמאָליקע רעוואָלוציאָנערע פּערזענ־לעכקייטן, האָט געוועקט אונזער פיעטעט פאַר אים. אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט, איז געווען, ווי נישט פאַרענדיקט און מיט אָנדייט, אַז דאָס איז נאָר אַן הקדמה־שמועס. אויך אין אונזערע ענטפערס און באַמערקונגען איז געווען נישט דערזאָגטעס מיט גלויבן, אַז מיר וועלן נאָך ממשיך זיין. די גאַנצע צייט פון אונזער פיל־טעמאַ־טישן שמועס, איז אויף אַ זייטיקער סאָפע, ווי אומבאַמערקט, געלעגן זיין טאָכטער, פאַרטיפט אין גימענאַזיאַלע עקזאַמענס־צוגרייטונגען. איר נאָמען, סאַראַ, האָבן מיר באַוויזן צו באַקענען גלייך ביים אַריינ־קומען אָן ספּעציעלע באַקאַנטשאַפטס־צערעמאָניעס. דאָס קומען פון תלמידים צו איר פאָטער, האָט איר אויסגעזען אַ וואָכעדיקע דער־שיינונג. אויב זי האָט אונז צוגעוואָרפן נייגיריקייט־בליקן איז עס נאָר געווען אַ דאַנק דער עקזאָטישקייט: דריי „חסידימלעך״, אין זיידענע קאַפּאָטעס (אָן די היטלען) — רויכערן אום שבת. איר ריידן חבריש מיטן פאָטער, ווי צוויי גלייכע, האָט ביי אונז אַרויס־גערופן פאַרוואונדערונג; אַ זאַך וואָס אין די חסידישע היימען איז עס געווען פרעמד. מיר האָבן עס גלייך צוגעשריבן דער ווירקונג פונם טאַטנס אידעאַלן; אָבער שפּעטער האָבן מיר זיך ליידער איבערצייגט, אַז די אייביקע מלחמה צווישן עלטערן און קינדער, פאַרנעמט אויך אַן אָרט אין אַזעלכע היימען.

אונדזער שמועס איז איבערגעריסן געוואָרן, מחמת דעם, וואָס

„ביז די רעוואָלוציע״, האָבן מיר פּאָרלייפיק געמוזט דערשיינען ביי אונזערע פאַמיליע־טישן צום טראַדיציאָנעלן שלש־סעודות. נאָכן גע־זעגענען זיך ווי מיט אַ לאַנג־באַקאַנטן, אייגענעם מענטשן האָבן מיר זיך באַשטימט צו טרעפן מיט „אַלטן״ אין אַ פּאָר טעג אַרום. מיר זענען אַוועק נישט קיין אַנטוישטע, הגם וועגן דער געזוכטער פאַר־בינדונג מיטן אַנאַרכיזם האָבן מיר אפילו קיין וואָרט נישט געהערט. מיר האָבן עס אויסגעטייטשט אַזוי, אַז צוליב קאָנספּיראַציע האָט ער וועגן עיקר ניט גערעדט. ער האָט זיך נישט דערלויבט צו באַהאַנדלען אַזאַ געהיימען ענין גלייך ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט. באַזונדער האָט אונז געמאַכט אַזוי צו טראַכטן זיין באַמערקונג, ביים שיידן זיך, נישט אַראָפּצוגיין צוזאמען און אויך צום צווייטן צוזאַמענטרעף נישט קומען אַלע אויף איין מאָל.

ב

פון דעם דערמאָנטן פאַל האָב איך שפּעטער געלערנט, אַז דעם „אַלטנס״ צוריקגעהאַלטנקייט, בעתן ערשטן באַזוך, האָט אויסער קאָנ־ספּיראַציע געהאַט נאָך אַ מאָטיוו, וואָס גרענעצט זיך מיט זיין צוגאַנג צום מענטשן. די שיטה פון „וואָרפן לאָזונגען״ איז דער וועג פון מאַסן־באַהערשער, וואָס ווילן נאָר געווינען די מענטשן אַלס „צו־שטימער״, אָדער באַשטימטער, פאַר איבערגעבן די מאַכט איבער זיי; דער אַנאַרכיזם, וואָס שטרעבט צו וועקן ביים יחיד זעלבסט־באַשטימונג, געזעלשאַפטלעכע אחריות און דירעקטע באַטייליקונג אין שאַפן מענטשלעכע ווערטן — קען נישט און דאַרף נישט גיין אין יענער ריכטונג. מיר קענען זיך נישט באַגנוגענען מיט „אָפּ־זאָגן״ אונדזער געדאַנק, נאָר דאַרפן העלפן דעם מיט־מענטש אַנט־וויקלען זיינע קריטישע פעיקייטן, ער זאָל אורטיילן און אַליין קומען צו שלוסן. דאָס איז אַ וועג און אפשר טאַקע דער קירצסטער, פאַרן דערגרייכן אונזערע צילן. זיין אָנהויבן שמועסן מיט אונז איבער חסידות און סתם אפּיקורסות איז געווען אַ מין וועלן מיט־לעבן מיט אונזער גייסטיקן עבר, צו דערקענען דעם איבערברוך אין די יונגע נשמות, בכדי צו געפינען דעם נאָענטסטן וועג ווייטער צו אַנטוויקלען אונדזערע געדאַנקען.

## 5

# טעארעטישע לאבירינטן

### א

אונזער צווייטער צוזאַמענטרעףביים „אַלטן“ האָט שוין געטראָגן אַ מער אָפיציעלן כאַראַקטער. דאָס מאָל, אין נאָכמיטאָג־שעהן פון אַ פראָסטן מיטוואָך, נאָך דער אַרבעט, איז ער געזעסן ביים טיש אַן ערנסט־פאַרטראַכטער און זיין האַלטונג, ווי אַ המשך פון זיין לערער־ראָל אין גימנאַזיע „חינוך“, מיט פעדאַגאָגישער „דיסטאַנץ“, האָט אונז אויפמערקזאַם געמאַכט צו זיין „געהאָרכזאַמע“ צוהערער. ווען אַלע דריי נייע תלמידים זענען שוין געזעסן (טאַקע געקומען איינציקווייז) אַרום טיש, האָט זיין נאָך אַלץ קאָנצענטרירט שווייגן אָנגעזאָגט, אַז אָט איצט טרעט ער צו צו באַרירן דעם עיקר־פונקט פון אונזער פאַראינטערעסירט זיין: — דעם אַנאַרכיזם. אָנגעהויבן האָט ער אָבער גאָר מיט געפאַסטע פאָרמולירונגען וועגן פאַרשידענאַרטיקע ריכטונגען אינם סאָציאַליזם, און די ערשטע לעקציע איז געווען געווידמעט דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם און מאַרקסיזם. טראָץ דעם, וואָס שוין אין אונזער פאַריקן שמועס האָט ער געהערט פון אונז אַ נ ט י ־מאַרקסיסטישע אויספירונגען, האָט ער אָבער, ווייזט־אויס, געהאַלטן אַז ס׳פעלט אונז נאָך פיל צום פאַרשטיין די דאָזיקע ריכטונג, בכדי צו זיין אויסגעהאַלטענע „אַנטי“־איסטן. ערשט נאָך אַ גאַנצער ריי לעקציעס, פירנדיק אונז איבער די פאַרוויקלטע טעאָרעטישע לאַבירינטן במשך פון לאַנגע וואָכן, אנהויבנדיק פון די אוטאָפיסטישע שולן און קומענדיק צו די סאָציאַליסטיש־רעפאָרמיסטישע אַרבעטער־באַוועגונגען, איז ער אַרויף אויפן „דרך המלך“ און גענומען אונז באַקענען מיט אַלע שאַטירונגען אינם אַנאַרכיזם. ער האָט אונז געפירט מחיל אל חיל: גאָדווין, פרודאָן — שטירנער און טאָלסטאָי, קראָפּאָטקין און אַנדערע קלאַסיקער, וועלכע זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין כמעט זעלבסטשטענדיקע „איזמען“. גראָד באַקונין, וואָס איז געווען אונזער ערשטער וועקער צום פרייהייטס־געדאַנק און אויך דער „אַלטער“ האָט אים באַצייכנט אַלס איינער פון די הערלעכסטע געשטאַלטן אין דער אַנאַרכיסטישער וועלט, איז נישט אויסגעטיילט געוואָרן אין אונדזער טעאָרעטישן שטודיום אַלס אַ באַזונדערן „איזם“. איך פאַרשטיי עס ערשט היינט, אַז אין דעם ליגט

טאַקע באַקונינס אייגנאַרטיקייט און טאַקע וויכטיקייט, וואָס ווען מ׳זאָל צונויפזאַמלען אַלע זיינע לאָזונגען, געדאַנקען, באַגרינדונגען, האַנדלונגען און פּראָיעקטן — וואָלטן זיי מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קנויל פון אומפאַרשטענדלעכקייטן אָדער גאָר סתירות; ערשט דאַן ווען מ׳פאַרבינדט זיי מיט דעם געשיכטלעכן אַספּעקט, מיט די צייטלעכע געשעענישן, אויפברויזן און שטרעבונגען, באַגרייפן מיר זייער אייגנטלעכן זינען. דערפאַר טאַקע ווען מיר זענען איבערגעגאַנגען צום דינאַמישן טייל פון אַנאַרכיזם — צו דער באַוועגונגס־געשיכטע — איז באַקונין אויסגעוואַקסן אַלס צענטראַלע פיגור. מיט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעבן פאַר אַריינוועבן אַ דערהויבענעם טרוים אין טעגלעכער ווירקלעכקייט, איז ער פאַר אונז אויסגעוואַקסן אַלס „לעבעדיקער״ אַנאַרכיסט. יעדע איינצלהייט פון זיינע אַרויסטריטן און קאַמפן, וואָס מיר האָבן מיט אַזאַ אייפער גענומען שטודירן, האָט אונז געוויזן דעם וועג ווי צו זיין געהיט פון דאָגמאַטיזם אין דער דאָגמאַטלאָזער לערע.

ב

נאָכן באַקענען זיך מיט דעם הערלעכן הומאַניטאַר־סאָציאַלן צוגאַנג פון אַלע ריכטונגען אינעם אַנאַרכיזם, וואָס גייט זיך בעיקר אָפּ מיט די אַממערסטן ליידנדיקע פון דער עקזיסטירנדער אָרדענונג, האָט זיך געשטעלט די פראַגע, ווי אַזוי צו טראָגן די גרויסע אידעע צו די, וואָס נויטיקן זיך אַזוי אין איר, ווען די לעצטע — די אַרבעטער־מאַסן, ספּעציעל אין דעמאָלסדיקן פּוילן — געפינען זיך גאָר פולשטענדיק אונטערן איינפלוס פון דעם מאַרקסיסטישן מאַכט־סאָציאַליזם און ווילן גאָר פאַרבייטן די „קאַפּיטאַליסטישע קייטן״ אויף „פּראָלעטאַרישע״ (פון פאַרשידענע מעטאַלן און קאָלירן).

דער שטרייט מיט די מאַרקסיסטישע־אינטערנאַציאָנאַלן, האָט אין אונזער צייט און באַדינגונגען אויסגעזען צו זיין דער סאַמע קאַמפּסצענטער, בכדי צו מאַכן אָרט פאַרן אַנטשטיין פון דער פרייהייטס־באַוועגונג; נאָך אפשר פריער ווי דער קאַמף מיט די באַזיצער פון מאַכט און קאַפּיטאַל. אונזער קאַמף מיטן מאַרקסיזם האָט דעריבער איצט אויסגעזען נישט נאָר ווי אַן איבערחזרונג פון דער געשיכטע פון באַקונינס אַרויסטריט קעגן מאַרקסן, נאָר ווי אַ נויטיקער המשך, וואָס דאַרף אויסגעברייטערט ווערן קעגן פאַרצווייגטן מאַרקסיזם בכלל. ס׳איז דעריבער פאַרשטענדלעך, וואָס דאָס היסטאָרישע קאַפּיטל

מאַרקס־באַקונין האָט פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין דער אַנאַרכיסטי־שער פּראָפּאַגאַנדע אין פּוילן אפילו ביי די חברים פון „דער רייי״; ביים צוזאַמענטרעפן זיך מיט „מאַרקסיסטיש־געשטימטע״ איז דאָס געווען דער עיקר־פּונקט פון די היציקסטע וויכּוחים. אַ פאַקט, אַז פון די ערשטע פּרוּוון אַרויסצוגעבן לעגאַלע ביכער, איז געקומען דער שלוס צו פאַרעפנטלעכן אין יידיש ברופּבאַכערס „מאַרקס און באַקונין״ *, וואָס איז געלייענט געוואָרן פון אונזער יוגנט מיטן גרעסטן אינטערעס און אויך מיטן ציל: „בכדי צו וויסן וואָס אָפּצו־ענטפערן די מאַרקסיסטן״.

## 6

## אַלעמענס פריינד

**א** געוויסע צייט האָבן מיר געהאַט דעם איינדרוק, אַז דעם „אַלטנס״ שטוב איז עפּעס אַן אומבאַקאַנט ווינקל, וואָס איז נאָר אונדז געלונגען על־פּי צופאַל צו אַנטדעקן. בסך־הכל בלויז עטלעכע מאָל האָבן מיר זוכה געווען צו הערן לעקציעס אומגעשטערט פון זייטיקע מענטשן. די אויסערלעכע טיר האָט זיך כסדר אויף־ און צו געמאַכט, פון דעם צווייטן צימער האָבן זיך דערטראָגן הילכיקע שמועסן, אָבער אונדז האָט מען געלאָזט צורו. שפּעטער אָבער, ווען מ'האָט אונדז אָנגעהויבן האַלטן פאַר אייגענע, פלעגט זיך אָפט דערהערן עפּעס אַ פינגער־קלאַפּ אין טיר, ווי פון יוצא־וועגן און גלייך האָבן זיך באַזעצט צו אונזער טישל, מיט דרייסטקייט פון „היימישע געסט״, אומגעריכטע צוהערער. נאָכן פאַרענדיקן די לעקציע האָבן זיך פאַר־בונדן פרייע און חברישע געשפּרעכן מיט די נייבאַקאַנטע.

דער ערשטער, וואָס מיר האָבן אויף אַזאַ אופן באַקענט, און וועלכער האָט געצייגן באַזונדער אויפמערקזאַמקייט, איז געווען הירש מענעס פריינד (באַקאַנט, פאַרקירצט: פ ר י י נ ד). זיין שמאָל און לענגלעך פּנים מיט אַ שטאַרק־אַרויסגעשטאַרצטער נאָז, וואָס האָט געמאַכט אומבאַמערקבאַר די טיף־איינגעפאַסטע אומעטיקע אויגן, זיין אומענדלעך נאַקעטער שטערן, האָבן אים כאַראַקטעריזירט ווי אַן ערנסטן און איבערלעבעניש־רייכן מענטשן — אַזעלכן ווי מיר האָבן

* ברופּבאַכער פריץ: מאַרקס און באַקונין, יידיש: ה. מענעספריינד, וואַרשע 1933, פאַרלאַג „דאָס בוך״.

זיך דאַן פאַרגעשטעלט אַן „עלטערער" אַנאַרכיסט, וואָס טראָגט שוין אויף זיך דעם יאָך פון 40 יאָר לעבן, דאַרף זיין. דאָס האָט זיך טאָקע באַשטעטיקט מיטן דערוויסן זיך מער וועגן זיין לעבנס־געשיכטע. ווען ער האָט זיך דאָס ערשטע מאָל צערעדט „גלאָט־אזוי" — און עס האָט אַ פּליס־געטון פון זיין מויל אַ מעסטל ווולגאַרע וויצן, האָבן מיר זיך געפילט אַביסל פאַרלוירן; באַזונדער צוליב דער אַנוועזנהייט פון סאַראַ וואָס פון איר גאַנצן אויסזען האָט געשפּריצט די נאַאיווי־טעט פון אַ רבנישער טאָכטער. איר גלייכגילטיקייט און דעם „אַלטנס" גוטמוטיקע באַמערקונג: „אַהאַ, פריינד האָט זיך שוין צערעדט" — האָט אונז גלייך אויפגעקלערט, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט עפּעס אַ מענטשלעכער שוואַכקייט. (אגב, אַ „חן"־פּלעקעלע, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון ביי אַלע, וואָס האָבן אים געקענט, ווי הויך מ'זאָל נישט האָבן געשעצט זיינע דערהויבענע מעלות). האָט מען מיט אים פאַרפירט אַ שמועס איבער ערנסטע טעמעס, האָט ער זיך אַנטפּלעקט אין דער גאַנצער שיינקייט. ער איז געווען אַ מענטש מיט ברייטע קענטענישן אין דער וועלט־ליטעראַטור און טיפן פאַרשטיין אין נאַטור־וויסנשאַפט און סאָציאָלאָגיע. אַלץ דעראָבערט מיט אייגענע כוחות, מיטן שטאַרקן ווילן צו לערנען און דערביי האָט ער אויך באַזעסן ליטעראַרישן טאַלאַנט.

אין די יונגע יאָרן האָט אים דער אינערלעכער „שטורעם און דראַנג" אַרויסגעטריבן פון זיין קליינער גאַליציאַנער געבורטס־שטעטל אין דער גרויסער וועלט־אַריין. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך באַטייליקט אין די עקספּערימענטאַלע אַנאַרכיסטישע קאָלאָניעס אין דייטשלאַנד, וועגן וועלכע ער האָט אנגעשריבן אַ גרעסערס ווערק, אין פאָרם פון אַ ראָמאַן, ווו ער האָט בעיקר גע־שילדערט די פּסיכאָלאָגישע שוועריקייטן אינם צוזאַמענלעבן פון יענעם מוסטער־קאָלעקטיוו. ס'איז לייכט געווען צו דערקענען אין ראָמאַן, אַז איינער פון די הויפּט־העלדן איז געווען ער אַליין. ביים אָפּטן פאַרלייענען קאַפּיטלעך פון דער דערמאָנטער אַרבעט (אין מאַנוסקריפּט) פאַר ברייטערע חברישע קרייזן, האָבן מיר געהאַט די געלעגנהייט טיפער אַריינצוקוקן אין זיין נשמה. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער פאַרוואגלט געוואָרן קיין ענגלאַנד אַלס קריגס־געפאַנגענער (אגב דאָרט זיך דערלערנט גרינטלעך ענגליש) און אויך וועגן דעם לעבנס־קאַפּיטל האָט ער געשריבן און פיל דערציילט. ער האָט איבערגעגעבן באַלערנענדיקע פאַקטן, באַגלייט מיט סאָציאַל־

פסיכאָלאָגישע באַלויכטונגען. נאָך דער מלחמה איז ער צוריקגעקומען קיין פוילן, זיך באַזעצט הינטער וואַרשע (פאַלעניץ). זיין אָנגעזאַמלטן וויסן און דערפאַרונג האָט ער מיט אַ ברייטער האַנט געשטעלט אין דינסט לטובת די אַנאַרכיסטישע גרופּן. אין די סינדיקאַליסטישע קרייזן איז ער געווען באַקאַנט מיט זיינע לעקציעס וועגן ליטעראַטור, וויסנ־שאַפטלעכע שמועסן. ער האָט אויך רעפערירט איבער טעאָרעטישע אַנאַרכיסטישע טעמעס, בפרט איבערן מאַרקס־באַקונין־שטרייט, פון וועלכן ער האָט געקענט גרינטלעך אַלע געשיכטלעכע איינצלהייטן אויפן סמך פון ליטעראַטור און היסטאָרישע דאָקו־מענטן*. ער האָט אויך געשריבן לידער אין סטיל און גייסט פון אונדזערע אַמאָליקע פּאָעטן, און ווי יענע אַליין איינגעשטודירט מיט די „חברה״ צו זינגען עס אין כאָר.

אין זיין אָפּהאַנדלונג איבער „ניטשעס פילאָזאָפיע״** לייענען מיר אויף דער ערשטער זייט, אַנשטאָט אַ הקדמה:

דורך אַ לעבנס־וועג, אַ שווערן,
ווי אַ וואַנדערער אַ מידער.
שווער פון בענקען, מיד פון קלערן,
הונגעריק אין גייסט און גלידער.

האָב איך פון דעם קוואַל געטרונקען,
איז מיין דורשט געוואָרן גרעסער.
טייל זיך לעזער מיט מיין בענקען!
אפשר דאָך צוזאַמען וועט זיין בעסער?

---

* אין די יאָרן 1930—33 איז אין פאַלעניץ — אַ קור־אָרט הינטער וואַרשע — אין די זומער־חדשים איינגעאָרדנט געוואָרן פון די סינדיקאַליס־טישע חברים אַן אָפּרו־קאָלאָניע אויף קאָמוניסטישע יסודות: זעלבסטבאַ־דינונג און פרייערביישטייער האָבן דערמעגלעכט זייער אָרעמע דערנע־רונגס און וווינונגס־באַדינגונגען. דאָקעגן גייסטיק איז עס געווען אַ וווּנדערבאַרער ווינקל. אין די רו־טעג (שבת און זונטיק) האָבן, גרופּנווייז, חברים עולה־רגל געווען אַהין בכדי צו געניסן פון די באַלערנדיקע שמועסן און לעקציעס. חבר פריינד איז געווען איינער פון די הויפּט־רעפערענטן.

** ה. מענעס־פריינד, ניטשעס פילאָזאָפיע, וואַרשע 1939, 86 זייטן. אַרויסגעגעבער ל. הירשאוגע. דאָס בוך איז פאַרענדיקט געוואָרן אין דרוק פאַרן אָפּפאָר פון מחבר קיין פאַריז, ווו ער איז אומגעקומען דורך די היטלער־באַנדעס צוזאַמען מיט אַנדערע דעפּאָרטירטע יידן. געוויסע מאַנוסקריפּטן זיינע געפינען זיך ביי די געראַטעוועטע חברים אין פאַריז.

אין די פּאָר שורות האָט דער מחבר אָמבעסטן זיך אַליין געצייכנט מיט די שאַרפסטע שטריכן און אויסגעדריקט זיין ווילן צו טיילן זיך מיט וויסן, וואָס דאַרף אייגנטלעך זיין דער ציל פון יעדן אינטעלעקטועלן מענטשן וואָס שטרעבט, אַז ס'זאָל זיין בעסער... ער האָט זיינע פעיקייטן נישט געזוכט צו פאַרוואַנדלען אין אַ „קרדום לחפור בה" און באַמיט זיך צו ציען זיין חיונה פון פיזישער אַרבעט. אפילו אין „טרוקענע" ליטעראַרישע פּראָבלעמען האָט ער אַריינגעוועבט דעם רעוואָלוציאָנערן מאָמענט, באַנוצט זיך מיט זיי פאַר אידעאָלאָגישער אויפקלערונג. אָט די טענדענץ קומט בולט צום אויסדרוק אין זיין אפּהאַנדלונג „ניטשעס פילאָזאָפיע", ווו ער באַמיט זיך אַרויסצוברענגען די פּאָזיטיווע מאָמענטן פון ניטשעס לערע: „דאָס שעצן דעם ווילן איבערן אינטעלעקט"; „די קעגנערשאַפט צו יעדער געבונדנקייט פון יחיד דורך דער געזעלשאַפט און מלוכה" און אַנדערע געדאַנקען אין גייסט פון אַנאַרכיזם. פון דער צווייטער זייט, ווייזט ער אָן אויף דעם, וואָס פאַרשידענע פּאַראַזיטן האָבן פאַרקריפּלט ניטשעס פילאָזאָפיע, ווי דאָס איז געווען דער גורל פון פיל דערהויבענע לערעס.

* * *

דאָס דערמאָנטע בוך באַגלייט אַ נאָכוואָרט מיט אַ מיסטעריעזן אונטערשריפט: א ל (זייט 83—86). דאָס זענען פון די ווייניק פאַרבליבענע געדרוקטע שורות געשריבן דורכן „אַלטן". ער איז געווען אַ „שווערער שרייבער", דערפאַר אָבער זייער קאָנצענטרירט. די קאַרגע פיר דרוק־זייטלעך שטעלן מיט זיך פאָר אַ באַזונדער אינטערעסאַנטע אַרבעט, וואָס קלערט אויף דעם באַדייט פון ניטשעס לערע פון אונזער שטאַנדפּונקט.

## 7

## אונטער אַ פרעמדער פאַן

צו די נאָענטע פריינט פון „אַלטן" האָט אויך געהערט משה'ל מעזעריטשער (משה קויפמאַן, געשטאַמט פון מעזעריטש). ער האָט שטענדיק אונטערגעשטראָכן זיין „פּראָסטע מלאכה" (מאַלאַרזש — מען האָט אים אויך גערופן „משה מאַלאַרזש"), בעת ער האָט זיך געפילט אומבאַהאָלפן צו פאַרטיידיקן זיינס אַ שטאַנדפּונקט אין אַ חברישער דיסקוסיע. דערמיט האָט ער געוואָלט אונטער־

שטרייכן, אַז אייגנטלעך איז ער מיט זיינע געפילן שטאַרקער ווי מיט לאָגיק, צוליב דעם וואָס אים פעלט די „געשולטע אינטעליגענץ״. זיין ביסל גרויע האָר אויפן ליסן קאָפּ, האָבן גלייך געמסרט, אַז ער איז שוין אַריבער די מיטעלע יאָרן; די רירעוודיקע האַלטונג האָט אָבער כאַראַקטעריזירט אים אַלס „אייביק יונגער״. אין פריער יוגנט איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, דורכגעמאַכט פאַרשידענע גלגולים: געווען טעטיק אין ס.ס., שפּעטער אין דער יידישער סעקציע פון פּ.פּ.ס.* און דערנאָך זיך אָנגעשלאָסן אין די אַנאַרכיסטישע רייען. שוין אין דעם נייעם פוילן, אין יאָר 1923 איז ער געשטאַנען אין שפּיץ בעת אַ מאַסן שטרייק פון די בוי־אַרבעטער, צוליב וועלכן ער איז אַרעסטירט געוואָרן. נאָכן אָפּזיצן אַ צייט אין תפיסה, איז ביי אים אָפּגענומען געוואָרן דאָס פּאָליטישע בירגערשאַפטס־רעכט. הגם דער אורטייל איז נאָר געווען אויף 8 יאָר, האָט אָבער די פוילישע רעגירונג (פּילסודטשיקעס) נישט „באַוויליקט״ צוריקצוגעבן דאָס רעכט שוין נאָכן אָפּלויף פון שטראָף־טערמין און זיינע אַלע ביטעס (אין הסכם מיטן געזעץ) זענען אָפּגעוואָרפן געוואָרן. שפּעטער איז ער געווען טעטיק אין יידישן מאַלאַרזשעס־פאַריין און אַ צייט (ביז בערך 1932) פאַרנומען דעם אַמט פון פאַרזיצער.

די לאַנגע יאָרן טעטיקייט צווישן אַרבעטער האָט אויף אים געלייגט דעם חותם פון אַ טיפּישן „מאַסאָוויעץ״. אַפילו אין פּריוואַטע שמועסן האָט ער גערעדט מיט פּאַטאָס ווי פון באַריקאַדן־טריבונעס, געוואָרפן זיך מיט לאָזונגען מער ווי מיט לאָגישע אַרגומענטן. דער דראַנג פאַר מאַסן־טעטיקייט, האָט אים אַביסל „פאַרטשעפּעט״ מיט דער קאָמוניסטישער ברייטער גאַס, אָבער נאָר אויף אַן אויבערפלעכלעכן אופן. אויף זייערע „בערזעס״ אין וואַרשע און ספּעציעל אין דעם וואוינאָרט פון זיין פאַמיליע, פאַלעניץ, איז ער געווען באַקאַנט אַלס אינטערעסאַנטער „דיספּוטאַנט״ און דאָך האָבן אים אַסך פון דער „קאָמוניסטישער גאַס״ געהאַלטן פאַר אַן „אייגענעם״. ווען די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג האָט אָנגעהויבן אַרום זיך קאָנצענטרירן אַ גרעסערן יוגנט־קרייז, האָט ער אָנגעהויבן מער זיך „אויסלעבן״

* אין די יאָרן 1933—34 פאַרעפנטלעכט אין דער אָפיציעלער רעגירונגס־אויסגאַבע (פּערטל־יאָרשריפט) „ניעפּאָדלעגלאָשטש״, געווידמעט דער געשיכטע פון באַפרייאונגס־קאַמף פאַר פּוילנס אומאָפּהענגיקייט, גרעסערע קאַפּיטלעך זכרונות וועגן דער טעטיקייט פון דער יידישער סעקציע אין פּ.פּ.ס.

אין אונזערע רייען און ער האָט שטענדיק אונטערגעשטראָכן, אַז ביי אונדז פילט ער זיך א י נ ד ע ר ה י י ם. זיין אַרט־דענקען און צוגאַנג צו געזעלשאַפטלעכע פראַגן איז טאַקע דורכאויס געווען אַנאַרכיסטיש. אונדזער יוגנט האָט אים פאַרערט און פיל געלערנט אפילו פון זיינע שיחות־חולין. ער האָט זיין האַרציקע חברישקייט געטיילט מיט אַ ברייטער האַנט. אונדזערע חברים, וואָס האָבן געזען אין דער באַוועגונג נישט נאָר אַ „רעוואָלוציאָנערן אַפּאַראַט" נאָר אויך דעם קערן פון אַ נייער געזעלשאַפטלעכער ראַם, אַ ברידערלעכן פאַרבאַנד פאַר געמיינזאַם שטרעבנדיקע, האָט אין משהלען, און ענלעכע ווי אים, געפונען אַ מוסטער פאַר חברישער באַציונג. זיין אַביסל איבערמאָסיקע שוואַכקייט צו געזעלשאַפטלעכער אַמוזירונג, האָט אים געשטערט צו קאָנצענטרירן זיך; ער האָט זיך נישט געווידמעט קיין שום פּראַקטי־שער טעטיקייט און אַזעלכע איז אים אויך נישט פאַרגעלייגט געוואָרן. אין דער „גאַס" האָט ער אָבער פּרעזענטירט אַ צענטראַלע פיגור. אַט דער „בירגער פון צווייטער מדרגה" (אָן פּאָליטישע רעכט), האָט שטענדיק געטראָגן, אין זיין לאַץ, דעם אָפּצייכן פון „געוועזענע פּוילישע פּאָליטיש־אַרעסטירטע אין די צאַרישע תפיסות". ער איז אויך געווען אַ מיטגליד אין יענעם פאַרבאַנד, צו וועלכן ס'האָבן אָגב געהערט די געוועזענע קעמפער פאַר פּוילנס אומאָפּהענגיקייט פון אַלע שאָטירונגען.

צוליב דער פילבאַרביקייט אין זיין געזעלשאַפטלעכן „אויסלעבן זיך" האָט דער אָרון מיט זיין טויטן קערפּער *, „געבלאָנדזשעט" אין פאַרשידנקאָליריקע אָרגאַניזאַציעס, און לבסוף באַגראָבן געוואָרן אונטער אַ פרעמדער פאָן. אין פאַלעניץ — איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די אָרטיקע קאָמוניסטן, באַקלאָגט געוואָרן ווי אַן „אייגענער" און באַגלייט אין זיין לעצטער רייזע (צו קבורה) קיין וואַרשע פון „האַמער און סערפּ"־פאָן. אין וואַרשע איז זיין אָרון ווידער פאַר־כאַפּט געוואָרן דורך דעם פאַרבאַנד פון געוועזענע פּאָליטישע אַרעס־טירטע, וועמען די פּאָליציי האָט געהאָלפן „אַרויסראַטעווען" פון די קאָמוניסטישע הענט, און אונטער זייער שמירה האָט דער „פאַרבאַנד" אים געפירט צום יידישן בית־עלמין, מיט אָפיציעלער פייערלעכקייט, אונטערן פאָן פון געוועזענע פּוילישע פרייהייטס־קעמפער. אונזערע

---

* געשטאָרבן אין יאָר 1936 נאָך לאַנגע יאָרן ליידן אויף דער פּראָלע־טאַרישער קראַנקהייט.

חברים האָבן זיך מאַסנהאַפט באַטייליקט אין דעם לוויה־צוג. די פּאָליצײ־לײַט האָט זײ אָבער גוט געהיט, וויסנדיק אַז ס׳געפינען זיך דאָ „געפערלעכע עלעמענטן". דער טעמפּעראַמענטפולער רעוואָלוציאָנער, פּראָפּאַגאַנדיסט, וואָס האָט זײַן גאַנץ לעבן גערעדט יידיש (פּויליש רעכט נישט געקענט), מיט זײַן פאַרצווייגטער באַקאַנטשאַפט אין דער יידישער אַרבעטער־סביבה, איז ביים אָפענעם קבר זײַנעם באַקלאָגט געוואָרן אין אַ פײַן־קלינגענדיקן פּויליש אַלס „גרויסער פּוילישער פּאַטריאָט". ס׳איז אויסגערעכנט געוואָרן זײַן וויכטיקער בײַשטייער צו פּוילנס דערגרייכטער באַפרייאונג, און... משהלע האָט דאָס מאָל שוין מער נישט געקענט קריטיקירן די פּוילישע פרייהייט, דערציילן וועגן זײַן זיצן אין די פּוילישע תפיסות, דאָס אָוועקנעמען פון אים דאָס פּאָליטישע בירגער־רעכט, און בעיקר: רופן ממשיך צו זײַן דעם פרייהייטס־קאַמף אין ברייטן סאָציאַלן זינען, ווי ער האָט עס געטון אין אַלע טעג פון זײַנע עטלעכע און פופציק לעבנס־יאָרן. אויך זײַנע נאָענטסטע חברים זענען געצוווּנגען געווען צו שווייגן דורך די „שפּיצלדיקע" (געהיימפּאָליצייאישע) אויגן, וואָס האָבן געהאַלטן אונטער אויפזוכט יעדן, וועלכער האָט נאָר געפּרווּוט דערנענטערן זיך צום קבר פון אַזאַ ליבן חבר, וואָס אויף דער שוועל צו אייביקייט איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון פרעמדע אין גייסט און אונטער אַ פרעמדער פאָן.

## 8

### די אלטע גוואַרדיע

נאכן ווערן היימישער מיטן „אַלטן", קומענדיק צו אים אויך אויסער די אָפיציעל־באַשטימטע פאַר אונדזער גרופּע שעהן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זײַן שטוב קאָכט מיט אַריינגייער; צווישן זײ נישט ווייניק צייט־פאַרטרייבער, וואָס קומען אַביסל זיך דורכצורבטלענען. ער האָט יעדן אויפגענומען מיט ברייטהאַרציקער חבריש־קייט און אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַר יענעמס אָנגעווייטיקטע פּראָגן, אַפילו אינטימע ענינים. זײַן פולער נאָמען: **אהרן פּנחס גראָס** האָט אויפגעהערט פאַר אונדז צו זײַן אַ סוד, דאָך האָט מען אים אַנדערש נישט גערופן ווי „**אַלטער**". ווי דער שטייגער אין אומלעגאַלע באַדינגונגען האָט מען אין דער באַוועגונג פּרינציפּיעל זיך נישט באַנוצט מיט קיין ריכטיקע נעמען און פיל פון די נאָענטסטע

חברים, אפילו פאַר געשיכטלעכער פאַרצייכנונג, איז שווער אָפּצודערמאַנען ווי זיי האָבן געהייסן. ס'איז אויך געווען אָנגענומען נישט צו פרעגן, אפילו שוין אַ היימישן אַביסל, צי ער געהערט צו דער באַוועגונג און שוין אָפּגערעדט וועגן טעטיקייטס־געביט. גאַנץ לייכט איז געווען צו באַקענען די „געוועזענע", וועלכע האָבן מיט ליבע, טיילמאָל אויך אומגעבעטענערהייט, אויפגעוויקלט די פאַרגאַנגענהייט. אַזעלכע זענען עס געקומען צום „אַלטן" בעיקר צו דערוועקן זיסע דערינערונגען.

אברהם העפטערס, אַ שטייגער, שטענדיקע טעמע איז געווען „די צייטן פון פּראָפּאַגאַנדע־דער־טאַט"; ער האָט דערציילט וועגן די העלדישע בחורים פון 1905 און די קאָמישע סיטואַציעס (וואָס ערשט איצט, אין ליכט פון פּערספּעקטיוו האָט ער פאַרשטאַנען די קאָמישקייט דערפון) פון „עקספּראָפּריאיר", קוישן בייגל פון גאַסן־הענדלער און צעטיילן צווישן די הונגעריקע... בעתן הערן אַזעלכע מעשיות (צום ווייטלטן מאָל) האָט דער אַלטער צוגעוואָרפן אַ העפלעכקייטס־שמייכל, אָבער גלייך מיט ערנסט באַליכטן פאַר אונדז, פון געשיכטלעכן שטאַנדפּונקט, די דערהויבנקייט פון יענער רעוואָלוציאָנערער נאַאיוויטעט. פון די פאַרגאַנגענע „בלוטיקע טעג" האָט אויך געוווּסט צו דערמאָנען כאַראַקטעריסטישע עפּיזאָדן דער אַביסל ייִנגערער (יעדנפאַלס לויטן אויסזען) אהרון שוסטער (פוקס) און „יאַקאַב" (פאַפּיער), וואָס זיין אויסגעמאַטערט, איינגעקנייטשט געזיכט האָט זיך צעשטראַלט אין דער סביבה פון דער אַלטער גוואַרדיע; אויך זיין לעבנס באַגלייטערין — טאָבאַ — האָט געלעבט מיט רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט און געהאָפּט זען זייערע קינדער אַלס צוקונפטיקע אידעען־טרעגער. די דערמאָנטע זענען געווען אַמאָל חברים אין קאַמפּס־גרופּן. ווי אַרבעטס־מענטשן, דערצויגן אין פּיינלעכע באַדינגונגען, וואָס האָבן נישט דערמעגלעכט זייער נויטיקע גייסטיקע אַנטוויקלונג, זיינען נאָר „מצוות־מעשיות" געווען פאַר זיי צוציענדיק. זיי זיינען פעיק געווען צו דינען דעם אידעאַל, וועלכן זיי האָבן אויפגענומען מער מיט געפיל ווי מיט לאָגיק. זאָל דערמאָנט ווערן צום גוטן דאס וואָס זיי האָבן זיך באַשטייערט לטובת דער גרופּע אַרום דעם „אַלטן" און באַזונדער פאַר דער סינדיקאַליסטישער באַוועגונג. אַ טייל פון זיי האָבן באַאיינפלוסט זייערע קינדער צו ווערן טעטיקע אָרגאַניזאַציע־מיטגלידער. פיל פון די יוגנטלעכע חברים, וועלכע האָבן געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן קאַמף מיט

זייערע עלטערן פאַר דערלויבן איינצואָרדענען „פונקטן" (גרופן־צוזאַמענטרעפן) אין די היימען, אָדער לאָזן „איבערנעכטיקן" אַ פּעקל אומלעגאַלע ליטעראַטור, האָבן מקנא געווען די קינדער פון די „געוועזענע".

9

## די „יונגע"

### א

מיט דער צייט האָבן מ'ר זיך אויף דערוווּסט, אַז ס'עקזיסטירט אַ פאַרצווייגטע סינדיקאַליסטישע באַוועגונג (ווי זיי אַליין האָבן זיך גערופן „יונגע") אויף „דער גאַס", וועלכע פירט אַ ברייטע טעטיקייט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, באַזונדער אין נאָדל־פאַך. עטלעכע חברים און חברטעס האָבן מיר שוין דאַן געהאַט באַקענט, טאַקע פון די וואָס האָבן אָפּטער באַזוכט דעם „אַלטן", ווי פאַמי־ליאַנטן. זיין פריינטלעכע באַציִונג צו אונדז האָט זיי גלייך געגעבן מוט מיט אונדז צו רעדן וועגן באַוועגונגס־ענינים. „רוזשקע די קאָזע", אַליין אַ טויט־באַשאָטנטע פון טובערקולאָז *, האָט געוואָלט אונדז — די „חסידים" — אַריינגעבן „אַ ביסל לעבן", דורך אַריינפירן אין אַ היימישער יוגנט־געזעלשאַפט; די לעבנסלוסטיקע „חנהלע" ** האָט ווידער געוואָלט באַאיינפלוסן מיט „רעוואָלוציאָנערן ברען"; „דוד" *** און אַנדערע בחורים האָבן אויך אַמאָל אונדז געוואָלט באַפרייען פון „חסידישן איינפלוס". זייער איבערפלעכלעכער צוגאַנג האָט ווייניק אימפּאָנירט, אָבער די פאַרבינדונגס־מעגלעכקייט, דורך זיי צוצוקומען צו טעטיקייטס־געביטן, האָט אונדז געלאָקט. דער „אַלטער" אָבער האָט זיך גאַרנישט געאיילט אונדז איינצוגלידערן אין דער באַוועגונג. ווייזט אויס ער האָט געהאַלטן, אַז ס'איז נאָך צו פרי אונדז לאָזן אַוועקשווימען אין אַ מאַסן־באַוועגונג, וואָס וועט אונדז אָן געהעריקע

---

* רוזשקע שניידמאַן — געשאָרבן אין געטאָ.

** חנה ענגלסבערג און איר מאַן העניעק הערשזאָן — ביידע איבער־געגעבענע אַקטיוויסטן — אומגעקומען אין געטאָ צוזאַמען מיט זייערע קינדער.

*** דוד שניימאַן — געפינט זיך נאָך איצט פאַרשיקט אין אַ סיבירער לאַגער.

טעאָרעטישע קענטענישן, גיך פאַרוואַנדלען אין „טעכניקער" אָדער פּראָפּאַגאַנדיסטן פון „לאָזונגען", אויסנוצנדיק אונזער יוגנט־טעמפּעראַמענט. אַז ער האָט נישט געהאַט קיין כוונות אונז צו פאַרהאַלטן אין דער ענגער גרופּע פון די „אַלטע" (כמעט בלויז טעאָריע־גריבלער), נאָר טאַקע צילבאַוווּסט געגרייט אונדז פאַר אַרויסטראָגער פונם אַנאַרכיסטישן געדאַנק — באַווייזט דער פאַקט, וואָס נאָך אַ שטיקל צייט, האָט ער רעוואָלטירט קעגן זיין לערערישער ראָל: „גענוג פון מיר געהערט" — האָט ער זיך צו אונדז געוואָנדן — „איצט וויל איך פון איייך הערן". פאַרשטענדלעך, אַז יעדער פון אונדזער גרופּע האָט זיך געהאַלטן פאַר נאָך נישט גענוג רייף אַנדערע אויפצוקלערן. אָבער דער „אַלטער" האָט צוגעטיילט טעמעס און אפילו באַשטימט טערמינען מיר זאָלן אַרויסטרעטן אַלס די לעקטאָרן. ס'האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי אַן עקזאַמען־צוגרייטונג, מעשה גימנאַזיע־פּראָפעסאָר. ווען מיר האָבן רעפערירט, האָט ער זיך צוגעהערט ווי אַן אמתער תלמיד, זיין פּנים האָט זיך צעשטראַלט ביי יעדן געלונגען־אַרויסגעברענגטן געדאַנק. נאָך אַזאַ רעפעראַט האָט ער מיר אַמאָל געזאָגט: „ס'פרייט מיך, וואָס כ'האָב דערגרייכט צום 'ממלמדי השכלתי'"...

ב

אַ דאַנק דעם „אַלטנס" צוטרוי, האָבן אויך די סודות־פּועלע יונגע לייט, וואָס פלעגן אים באַזוכן פון צייט־צו־צייט, אָנגעהויבן באַטראַכטן אונדז פאַר נאָענטע. זיי פלעגן שטענדיק „אַריינפאַלן" ווי אומבאַמערקט, רעכט זיך נישט באַגריסט און שוין אָפּגערעדט פון לאָזן זיך אַריינציען אין אַ קיביץ־שמועס. זייער וויזיט פלעגט דויערן מינוטן, עפּעס אַדורכמורמלען זיך מיטן „אַלטן", איבערווינקען — און צוריק פאַרשווינדען, ווי נישט־געזעענע. מיר האָבן זיך גוט אָריענטירט, אַז אָט דאָס זענען עס די „שפּיצן" פון דער סינדיקאַליסטישער באַוועגונג. אָפּט האָבן זיי אונז צוגעוואָרפן וואַרעמע געזעגנונגס־בליקן און מיר האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז קאָנספּיראַטיווע פליכטן דערלויבן זיי נישט דעם לוקסוס פון פאַרבינדן ברייטערע באַקאַנטשאַפט.

צו איינעם פון זיי, דעם גוטמוטיקן „העניעק" (קאַליסקי), אַ

סטודענט פון מאַטעמאַטיק *, וואָס זיין איידל פנים האָט געשיינט מיט פריינטשאַפט, האָבן מיר זיך אַמדרייסטן באַצויגן. ער האָט געשטאַמט פון אַ באַלעבאַטיש רעפּאַרמירטער היים, געווען אַן אַבסאָלווענט פון דער העברעאישער גימנאַזיע „חינוך" (אין וואַרשע), ווו אהרן פנחס גראָס איז געווען זיין לערער פאַר העברעיש אין די העכערע קלאַסן, און אויסער דער שולע — אונטערן נאָמען: „אַלטער" — זיין רבי פון אַנאַרכיזם. העניק איז שטענדיק געווען אַ זייער אַקטיווער חבר און באַטייליקט זיך אין די סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכסטע אַרבעטן (אַ צייט געווען פאַרטראָטן אין סעקרעטאַריאַט פון דער פעדעראַציע). כ'האָב נישט איינמאָל געטראַכט, צי אַזאַ בחור, אַ טיפּישער אינטע־ליגענט מיט פאָלקסטימלעכע האַלטונגס־שטריכן, וואָס ווידמעט זיך אַזוי פיל — אונטער דער סכנה אַריינצופאַלן אויף יאָרן אין תפיסה — לטובת די מאַסן, צי וואָלט ער באמת געקענט לעבן מיט זיי ווי איינער פון זיי? — יעדנפאַלס אין זיין אידעישער באַרירונג מיט די חברים פון „דער רייי" האָט ער באַוויזן, אַז דערגרייכטע דיפּלאָמירטע בילדונג, גיט נישט קיין רעכט פון „העכער האַלטן זיך", קודם־כל די, וועלכע פרעדיקן אַלגעמיינע ברידערלעכע גלייכהייט; ליידער אויף דעם געביט האָבן אַ סך אַנדערע פון די אינטעליגענטן אַביסל אונטערגעזינדיקט.

אַ ווייניקער סובטילן אָבער דאָך אָנגענעמענעם איינדרוק האָט געמאַכט דער הויכער, אַביסל אָנגעצויגענער, ברונעט „טאָמאַש"; זיין באַנעמונג, אפילו אין די געשפּרעכן מיטן „אַלטן" האָבן דער־מאָנט אין אַ טיפּישן באַאַמטן־אַריסטאָקראַט (געווען יורי־אַפּליקאַנט). ווי כ'האָב שפּעטער קענענגעלערנט האָט מען אים אין אונדזערע קרייזן מער געשעצט צוליב זיינע וויכטיקע טעטיקייטן (אויך געווען סעקרעטאַריאַט־מיטגליד), ווי ליב געהאַט.

אַ באַזונדערן אינטערעס האָט אַרויסגערופן נענטער צו באַקענען זיך דער קאָנספּיראַטאָר „סאָלעק", מיט זיין פאַרכמורעט פנים, פון וועלכן ס'האָט זיך אַראָפּגעלייענט דעצידירטקייט און פעסטער זעלבסט־גלייבן. זיינע זייטיקע בליקן פון הינטער די פאַרגרעסער־ברילן, האָבן אָפּגענומען דעם חשק צו פּרוּוון פאַרבינדן מיט אים אַ שמועס. ער האָט צו זיך אַרויסגערופן אַ שטאַרקן דרך־ארץ; ווי דער

---

* אומגעקומען אין ביאַליסטאָק בעתן אַריינמאַרש פון די היטלער־באַנדעס.

שטייגער איז אין אומלעגאַלע באַוועגונגען, ווערן אָט די יעניקע פֿאַרוואַנדלט אין „טשיקאַווע און רעספּעקטירטע״, וואָס זייער איינגעשלאָסנקייט אין זיך איז אַ נאַטירלעכער חלק פֿון זייער איך. ער האָט פּשוט פֿיינט געהאַט צו רעדן; געווען אַ מענטש פֿון מעשׂים און געשייגט צו זיין ווי געבוירן פֿאַר אונטערערדישער אַרבעט. אין דער באַוועגונג איז ער געווען באַקאַנט אונטער פֿאַרשידענע פּסעוודאָנימס און אַלס מיסטעריעזע פֿיגור. די, וועלכע האָבן מיט אים צוזאַמענגעאַרבעט האָבן געהאַט אַ מיינונג, אַז ער האָט ליב צו זיין דער „שטריקל־ציער״; אפֿילו דאַן ווען ער איז אָפֿיציעל נישט געווען פֿאַרטראָטן אין סעקרעטאַריאַט, האָט ער זיך באַמיט צו האָבן זיין איינפֿלוס אויף דעם גאַנג פֿון דער אַרבעט. ס׳זענען אויך געווען צווישן די „סודותפֿולע יונגעלייט״ אַזעלכע, וואָס האָבן געפֿינען דעם מיטל־וועג צווישן קאָנספּיראַציע און פּריינטשאַפֿטס־פֿאַרבינדונגען מיט חברים, און טאַקע געהאַט אַ שטאַרקן איינפֿלוס דורך זייער מינדלעכן קאָנטאַקט. איינער פֿון אָט די, וואָס לאָגיק און געפֿיל, אין אַלגעמיין, האָבן האַרמאָניש געווירקט אין זייער׳ע האַנדלונגען, איז געווען „לעשניאַק״ (ש ל מ ה  ל ע װ י נ ס ק י *, אַ לאָדזשער, אָפּט געקומען קיין וואַרשע, אין אָרגאַניזאַציע שליחותן). ער איז געווען אַן אַרבעטער־בחור (שטעפּער) מיט הויכע אינטעליגענץ־אייגנשאַפֿטן. אַ דאַנק זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע און פּראָפּאַגאַנדיסטישע פֿעיקייטן איז ער דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פֿון אַ זייער באַליבטן און פֿאַרטרוילעכן חבר; געווען דער „פֿאַרבינדלער״ פֿון זיין ווינונגס־קרייז (לאָדזש) מיט דער פֿעדעראַציע. צוליב זיין געפֿינען צייט און אינטערעס אין פּערזענלעכער באַרירונג מיט ברייטערע חברים־קרייזן, איז ער אויך אין וואַרשע געווען שטאַרק באַקאַנט און געשעצט. ס׳איז געווען אַ תּענוג צו פֿאַרבינדן אַ שמועס מיט דעם קראַקאָווער סטודענט „שאָלעק״ (געזעסן 4 יאָר אין אַ וואַרשעווער תּפֿיסה פֿאַר אַנאַרכיסטישער טעטיקייט אין זיין היים־שטאָט). זיינע אויף־גיך אויפֿגעבויטע טעאָרעטישע פּיראַמידעס און סינטעטישע פֿאַרפֿלעכטונגען צווישן די פֿאַרשידנפֿאַרביקסטע ריכטונגען און פּערזענלעכקייטן אינם אַנאַרכיזם, ווי אַ שטייגער: באַקונין — שטירנער, אָדער פּרודאָן — קראָפּאָטקין און סתם פּאַראַדאָקסאַלע אויספֿירן — „האָבן געהאַט פּיס״, ווי ער האָט עס ליב געהאַט צוצוגעבן. ער איז

---

* אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ.

געווען אַ „גייענדיקע" אַנאַרכיסטישע ענציקלאָפּעדיע. זיינע אונטער־געשלאגענע לונגען (אַ תפיסה מתנה), דאָס אַביסל פּאַרקרימטע מויל (אַ רעזולטאַט פון לייכטן פּאַראַליטש), האָבן גאָרנישט צעשטערט די גאַנצקייט פון זיין יידישלעך־חנוודיק געזיכט. דער פּאַטאָס אין זיין שטימע, באַגלייט פון אימפּולסיווע זשעסטיקולאַציעס, האָט אין גאַנץ־צופעליקע שמועסן אָפּגעקלונגען ווי „רעדעס". זיינע רעדן „צו יעדן און אומעטום", האָבן אים פערזענלעך געשאָדט, פאַרפּלאָנטערט און אָפּגעווינט פון זעלבסט־פּאַרטיפּונג; ער האָט אָבער געבראַכט פיל נוצן דער באַוועגונג: פיל יוגנטלעכע האָבן געהאַט אים צו פאַרדאַנקען זייער באַרייכערטן וויסן. אויך אין פּראַקטישע אַרבעטן האָט ער זיך באַטייליקט מיטן גאַנצן ברען פון זיין נשמה. דער פלאַמיקער רעפערענט און אָרגאַניזאַטאָר „מלך", און דער שטענדיק פאַרטאָגענער אין באַוועגונגס־אַרבעטן „פּאַוועל", האָבן אויך נישט פאַרפעלט צו באזוכן דעם „אַלטן", ווי די דערמאָנטע — מערסטנס וועגן דירעקטע אָרגאַניזאַציע־ענינים. זיי האָבן זיך שטאַרק גערעכנט מיט זיין מיינונג און ראַט, שטעלנדיק אין אַ זייט דעם פאַקט פון אידעאָלאָגישע אונטערשידן צווישן „זייער" סינדיקאַליזם און „זיין" אַנאַרכאָ־קאָמוניזם, נעמענדיק אין אַכט זיין דערפאַרונג דורך מיט־אַרבעט אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג אין געוועזענעם צאַרישן רוסלאַנד און הויכן טעאָרעטישן וויסן.

## 10

## זאל לעבן די אנארכיע!

### א

די העראָישע געשיכטע פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג און אירע העלדישע געשטאַלטן: דער גרויסער בונטאַר באַקונין, דער רעוואָלטירנדיקער קעגן דער אייגענער פּריווילעגירטער הער־שער־משפחה — קראָפּאָטקין, דער רעוואָלוציאָנערער קעמפער — מאַלאַטעסטאָ און מאַרטירער — פּערער, די שיקאַגער קרבנות און אַנדערע טויזנטער מוטיקע פּאָן־טרעגער פון אונזער אידעאַל, ביז סאַקאָ־וואַנזעטי, וואָס זייער לעצטער רוף „עס לעבע די אַנאַרכיע!" — האָט נאָך דאַן אַזוי נאָענט אָפּגעהילכט אין די אויערן — האָט ביי דער יוגנט אונדזערער געוועקט אומבאַגרענצטן צוטרוי און ליבע צו

יעדן, וועלכער האָט אויף זיך גענומען די באַצייכענונג: אַנאַרכיסט. דאָס באַקענען זיך פּערזענלעך מיט אַ נייעם חבר — באַזונדער צוליב די אונטערערד־באַדינגונגען — איז געווען ווי כאַפּן מיט די הענט אַ פֿאַלנדיקן מעטעאָר. דערמיט לאָזט זיך דערקלערן, וואָס מענטשן מיט פֿאַרשידענע מענטאַליטעטן האָבן זיך אין גאַנצן צופֿעליקע באַגעגנישן באַפֿרײַנדעט, ווי געבוירענע ברידער און טײלמאָל נאָך מער.

ווי אַן איבערברוך אין מײַן לעבן דערמאָנט זיך מיר יענער אָוונט ווען ס'איז אונדז, דעם „אַלטנס" צוהערער, אָנערקענטע פֿון אים אַלס „געענדיקטע", אָנפֿאַרטרויט געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין אַ ברייטערן חברישן צוזאַמענטרעף. (דוכט זיך, אַ קראָפּאָטקין־אָנדענק פֿאַרזאַמלונג, ביים „אַלטן" אין שטוב). מיר האָבן געוווסט, אַז ערשט דאָ וועלן מיר האָבן די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט מערערע חברים פֿון די „יונגע" (סינדיקאַליסטן), וועלכע קומען, ווי מ'האָט אונדז שוין געהאַט אינפֿאָרמירט, אָפּט צו אַזעלכע פֿייערונגען. דאָס צימער איז געווען יום־טובֿדיק צוגעפּוצט, אַזוי אַז בלויז אַ היימישער מענטש האָט געקענט דערקענען, אַז עס פֿעלט דאָ אַ „באַלעבאָסטישע האַנט" (ס'איז געווען אַ פּאָר יאָר נאָכן טויט פֿון זײַן פֿרוי). די טישן זענען געווען ווייס־געדעקט, באַשטעלט מער מיט גלאָז־געשיר ווי מיט „כּיבוד" און אַפֿילו ברענענדיקע ליכט, ווי אויף אַ ייִדישער שׂימחה, האָבן ניט געפֿעלט. דאָס פּנים פֿון „אַלטן" האָט געשטראַלט מיט דער־הויבנקייט און די באַוועגונגען — אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס געריסן זיך ווידער אויפֿצולעבן אין זיך די יוגנט־יאָרן, יענע ענערגישקייט, וואָס האָט איצט אַראָפּגעקוקט פֿון זײַן בילד אין דער שווערער גאָלדענער ראַם אויף דער מיזרח־וואַנט. סאַראַ, זײַן עלטסטע טאָכטער, האָט זיך געמיטלעך געלייענט אַ ביכל, ווי איר שטייגער, ליגנדיק אויף דער סאָפֿע, וואַרטנדיק אויף די געסט. פֿאַר איר זענען אַזעלכע „שׂימחות" נישט געווען קיין איבעררעשונג; שוין כּמעט אַ טראַדיציע, אַז אַלע אַנאַרכיסטישע יום־טובֿים ווערן געפֿייערט זינט יאָרן ביי זיי. מיט אַ צופֿרידענעם שמייכל האָט זי צוגעוואָרפֿן די באַמערקונג: „טייערע געסט, וואָס באַגנוגענען זיך בלויז מיט אַ סערווירטן טיש"... (געמאַכט געוואָרן צוליב קאָנספּיראַציע־טעמים). איר ייִנגערע שוועס־טער, אידאַ, וועמען די „אידעאישע שטוב", וואָס האָט געדינט אַלס אַזאַ וואַרעם ווינקל פֿאַר צענדליקער יונגע מענטשן, איז איר געווען אינגאַנצן פֿרעמד, האָט זיך גאָר קאָקעטיש אויסגעפּוצט און געגרייט אַוועקצוגיין צו אירע פֿרײַנד.

## ב

די ערשטע, טאַקע עלטערע חברים, שוין אונז באַקאַנטע, האָבן מיט זייער אַריינקומען דערמאָנט אַ משפחה־שמחה. אַלע — שבת־יום־טובדיק געקליידעט מערסטנס מיט זייער׳ע פרויען, וואָס נאָר די איינציקע „איידל שלמהס" (דער מאַן „שלמה שטעפּער") * האָט פאַרמאָגט שטריכן פון אַ זעלבסטשטענדיקער רעוואָלוציאָנערין. אגב, ביידע זענען געווען איבערגעגעבענע חברים זייער אָרעם שטיבל איז געשטאַנען שטענדיק צו דיספּאָזיציע פאַר אומלעגאַלע צוזאַמענטרעפן פון די סינדיקאַליסטישע גרופּן. אויף דעם געביט האָבן אַלע חברים זיך אויסגעצייכנט מיט זייער טריישאַפט צו דער אידעע; דאָס „אַוועקגעבן די שטוב", איז אין אונזער׳ע באַדינגונגען געווען נישט קיין קלענער קרבן און געבראַכט גרויס נוצן דער באַוועגונג. דאָס קומען צום „אַלטן", בפרט אין אַזאַ אָוונט, האָט פאַר זיי באַדייט אָנזאַמלען אידעישן שוווּנג, אויף די גרויסע, שווערע וואָכעדיקע טעג. דער שמועס, וואָס האָט זיך צווישן זיי אָנגעהויבן, איז לכתחילה געווען איבער פּראָסט־פּשוטע ענינים, אבער דאָך איז ער געווען באַהויכט פון אידעאַלע פאַרמעסטונגען. די פאַרגאַנגענהייט, די שטורמישע קאַמפּס־יאָרן האָבן זיי באַפליגלט און מיטן כוח פון יענער ענערגיע האָבן זיי נאָך אַלץ געשוועבט איבער דער טאָג־טעגלעכקייט. מערסטנס איז דאָס געווען אָרעמע בעל־מלאכות, שטאָלץ מיט זייער אָרעמקייט צוליבן זיך נישט אַראָפּלאָזן צו עקספּלאָאַטירן אַנדערע. דער גאַנץ ענערגישער מאָרגנשטערן (ריכטיקער פאַמיליע־נאָמען — אומגעקומען אין געטאָ), מיט זיינע שווערע, מאָזאָלע הענט (אייזן־טאָקער) האָט מיט אַ געוויסן נשמה־פּיין דערציילט וועגן די סיבות פון זיין „אונטערגעבן זיך", נעמענדיק אויף זיך די ראָל פון „פאַבריקאַנט". נישט באַקומענדיק קיין אַרבעט ביי יענעם, איז ער געוואָרן געצוווּנגען צו דערווערבן אַ טאָק־מאַשין מיט נאָך אַביסל אינסטרומענטן, בכדי צו האָבן חיונה. ערגער איז אָבער, וואָס אויך אַ „מענטש" האָט ער געמוזט צונעמען, בכדי צו קענען אויספירן די באַשטעלונגען. ווי ער וואָלט געזוכט אַן ענטפער פאַר זיין אייגענעם געוויסן, האָט ער איבערגעגעבן וועגן זיינע באַמיאונגען איינצושטעלן חברישע באַציונגען מיטן אַרבעטער „זיינעם", וועגן זוכן אופנים

---

* איידל און שלמה ראָטבערג — אומגעקומען אין געטאָ צוזאַמען מיט זייערע דריי דערוואַקסענע קינדער.

נישט צו געניסן פון דירעקטער עקספּלאָאַטאַציע. ווי כ'האָב עס שפּעטער ז'ערקענט איז זיין „אונטערנעמונג" (אין צוויי קעלער־שטובן אויף אַקאַפּאַווע גאַס, וווּ דאָס פּאָדערשטע צימער האָט געדינט אַלס דירה פאַר זיין פאַמיליע), טאַקע געווען אַ זעלטענע אויסנאַם, וווּ דער קלאַסן־קאַמף האָט אינגאַנצן נישט עקזיסטירט. דער אַרבעטער זיינער, פאַרשטענדלעך אַ פּאַראַיינס־מיטגליד, איז אַזוי באַגייסטערט געווען פון דעם „בעל־הבית" באמת סאָציאַליסטישע האַנדלונג און אידעאַל, אַז ער האָט זיך אַנגעשלאָסן אין אונדזער באַוועגונג.

דער „אַלטער", וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן פאַרטיפט, ווי אַלע מאָל פאַר אַן אַרויסטריט מיט אַ רעפעראַט, האָט פון צייט־צו־צייט געשטעלט עפּעס אַ פראַגע אָדער באַמערקונג בנוגע די געפירטע סתם־אַזוי חברישע שמועסן, ווי אַן „אַראָפּגעפאַלענער פון הויכקייטן", אָבער מיט אַזאַ אינטימקייט, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז ער דערזעט אין זיי דעם „אויב נישט נאָך העכער". און אויך מיר, אין אונדזער אַביסל איבערגעטריבענער פאַרשטעלונג וועגן אַנאַרכיסטן — האָבן אַזוי געטראַכט.

ווען ס'האָבן אָנגעהויבן זיך פאַרזאַמלען נייע „פּנימער", וואָס סאַראַ האָט אונדז כסדר אונטערגעזאָגט זייערע נעמען (דאָס נישט פאָרשטעלן זיך, איז אפילו געוואָרן אַ שוואַכקייט, אפילו דאָרט, וווּ מ'האָט זיך עס יאָ געקענט דערלויבן), האָט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט אַ נייע וועלט, — יונגע געזיכטער. די מיידלעך מיט אַנטשלאָסענער האַלטונג און פעסטע טריט, אויסגעבליכטע און ערנסטע בחורים מיט זעלבסט־זיכערקייט, האָבן זיך אויף גיך באַזעצט אַרום טיש. ווי מענטשן, וואָס האַלטן דעם פּולס פון דער צייט אין האַנט, האָבן זיי זיך מיט דעם „אַלטוואַרג" אויף גיך דורכגעשמועסט, מיט פאַרטיקע ענטפערס. פאַר זיי איז וויכטיקער וויכטיק, וואָס עס איז געווען, ווי דאָס באַדאַרף זיין. אין זייער אָנבליק האָבן ביי די עלטערע חברים אָנגעהויבן פינקלען די אויגן, ווי די אַמאָליקע חברים זייערע וואָלטן אויפגעשטאַנען תחית־המתים און זיי אַריינגעצויגן אין אַן אימפּולסיוון קאַראַהאָד. דער גרייז־גרויער קאָפּ פון „אַלטן" האָט מאַיעסטעטיש אַרויסגעשיינט פון דער יונגער „חברה" וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט און וואָס האָט, מיט איר — ווי אויף באַפעל־צוזאַמענדיקן אַנטשוויגן ווערן — איבערגעגעבן אים דאָס וואָרט. זיינע ווערטער, וואָס האָבן, ווי שטענדיק, געבליצט מיט טיפזיניקע טעאָרעטישע אויפקלערונגען וועגן דער אַנאַרכיסטישער לערע, האָבן אַלע פאַר־

טונקט אין פאַרטראַכטונג. נאָכן רעפּעראַט האָבן די יונגע אַ שאָט־געטון אַ מבול פון פראַגן; בעיקר בנוגע די מעטאָדן און וועגן, וואָס זאָלן פירן צום ציל. אָט די יונגע חברה זענען געווען מענטשן פון טאַט, זיי האָבן געאַרבעט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, פאַרנומען זיך מיט „טעכנישע" (פאַרשפּרייטן פּראָפּאַגאַנדע ליטעראַטור) אַרבעטן. דאָ אַהער זענען זיי בישט געקומען לויט אַן אָפיציעלער אָנווייזונג פון דער סינדיקאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, נאָר גאַנץ פריי־וואָט. לאָמיר דערמאָנען, אַז אויף דער „גאַס" איז דער „אַלטער" און די אַלטע באַטראַכט געוואָרן מיט ביטול. אויסער דעם, וואָס עס איז שוין די טבע פון יוגנטלעכע אין אַ באַוועגונג, בפרט אומלעגאַלע, צו קוקן אויף עלטערע חברים ווי אויף „אָפּגעשטאַנענע", איז אין דעם פאַל געווען גאָר אַ באַזונדערע סיבה: טעאָרעטישע דיס־טאַנץ. די „עלטערע" האָבן זיך פאַררעכנט אַלס קראָפּאָטקיאַנער, ווען די „יונגע" האָבן זיך באַטראַכט אַלס נאָכפאָלגער פון באַקוניניס־טישן וועג.

ג

ס׳רוב חברים פון דער באַוועגונג, בעיקר יידישע, האָבן דעם „אַלטן" געקענט אָדער געהערט וועגן אים. דאָס „אַרויפקומען צום אַלטן" איז אפילו באַטראַכט געוואָרן ווי עפּעס אַ שטיקל „מדרגה", וואָס האָט באַצייכנט די היימישקייט פון דעם געגעבענעם חבר אין דער אַנאַרכיסטישער משפחה, און פאַר אַ טייל — די מער „טרוקענע" — אַ סימן פון פילאָזאָפיש־געשטימטקייט... ס׳איז אָבער כדאי צו באַ־מערקן, אַז אָט דער מענטש, וואָס לויט זיין אינטעלעקטועלן פאַרנעם, איז פעיק געווען צו זיין אַ גייסטיקע פערזענלעכקייט אין דער באַ־וועגונג, האָט ליידער זיין ראָל נישט פאַרנומען אין דער געהעריקער ברייט. איינע פון די סיבות, אויסער אידעאָלאָגישע, וואָס האָט אים דערווייטערט פון די ברייטערע יוגנט־קרייזן, איז געווען זיינע פילאָזאָפיש־מיסטישע נייגונגען, וועלכע האָבן אָפּגעשפּיגלט אַ גע־וויסע טאָפּלטקייט אין זיין פערזענלעך לעבן.

## 11

# אהרן פּנחס גראָס

**א**הרן פּנחס גראָס * — ווען געזען אין אַ וואָכעדיקן טאָג אויף דער „יידישער" גאַס, האָט זיך ווייניק־וואָס אויסגעטיילט פון די פאַרהאַוועטע דורכגייער, סיידן מיט זיינע געמאָסטענע טריט, לאַנגע, האַלב־געקרייזלטע גרויע האָר, וועלכע האָבן זיך פאַרהאַלטן ביים קראַגן פון אויבערמאַנטל. אָט דער הילוך איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר לערער פון עלטערן דור. אויך אין שטוב, געפינענדיק זיך אין דער סביבה פון דער „צווייטער געזעלשאַפט" — סתם באַקאַנטע, צווישן זיי אויך יונגע מענטשן, וואָס האָבן ליב געהאַט מיט אים צו כאַפּן אַ שמועס — האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ דורכשניטלעכן ייד אין די יאָרן, אַ משכּיל. אָפט באָכן אָפּוויצלען זיך אפּיקורסיש, אויב ס'איז געקומען די צייט פון דאַווענען בציבור — די שול־שעה — האָט ער גענומען אַ גראָבן סידור, אָדער מחזור, מיטן טלית אונטערן אָרעם און מיט באַלעבאַטישע טריט אַוועק אין נאָענטסטן מקום קדוש. די שבת און יום־טוב סעודות האָט ער געפּראַוועט מיט אַלע טראַדיציאָנעלע פּיטשעווקעס, און נאָכדעם — פאַרגעזעצט זיינע בייסיקע, רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען קעגן קלעריקאַליזם, רויכערנדיק דערביי געמיטלעך אַ „לכבוד־שבת" ציגאַרעט. פאַר אונזערע חברים, וואָס האָבן אים געקענט אַלס דעם „אַלטן", מיט זיין אַנאַרכיסטיש טעאָרעטישן באַגאַזש, האָט זיין „יידישקייט" אויסגעזען, ווי אַ „פּאַראַט" לגבי דער אידעע, וואָס ער פּרעדיקט, אָדער אינערלעכע נישט גאַנצקייט. (די יוגנט אונדזערע איז געווען אָרטאָדאָקסאַל אַטעאיסטיש געשטימט). די מער באַפּריינדעטע פלעגן זיך אַמאָל אָננעמען מוט און פרעגן אים אויף דער סתירותדיקייט אין זיינע האַנדלונגען. זיין ענטפער איז געווען, אַז „ער טוט עס צוליבן אַלטן טאַטן" (אגב, דאָן אַ ניינציקער; שוואַך דערקענט אַ מענטשן). אָבער דאָס האָט געקלונגען נישט אויפריכטיק, (און אַוודאי נישט געגאָלטן שפּעטער נאָכן פאָטערס טויט.) דער מערסטער טייל פון אונדזער יוגנט, דעמאָלט, איז געווען אין פולסטן ברען פון קאַמף מיט זייערע עלטערן, טאַקע צוליב אַזעלכע „ביטעס" צו שאַנעווען די טראַדיציע־

* אומגעקומען פון הונגער אין וואַרשעווער געטאָ. די קינדער זיינע: סאַראַ, אידאַ און אברהמל אויך פאַרזונקען אין בלוטיקן תהום.

קייט. נאָר אַזעלכער, וואָס האָט געקענט דעם היסטאָרישן הינטער־גרונט פון דער השכלה־עפּאָכע, ווען רעוואָלוציאָנערע דרשות זענען געהאַלטן געוואָרן פון בית־המדרש בלעמערס; ווען רעליגיעז־מיסטישע אויפפּאַסונגען זענען געווען פאַר פילע פון יענעם דור, אַ שפּרונג־ברעט צו וואַרפן זיך אין רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען, צוליבן זוכן אַריינצובריינגען יושר אין מענטשלעכן לעבן, אַביסל „פאַרהימלען די ערד — האָט געקענט פאַרשטיין דאָס „לויפן אין שול אַריין״ פון אַזאַ מענטש, ווי דער „אַלטער״, צוליבן זוכן „בציבור־דיקן עקסטאַז״ — ווי ער האָט זיך פאַר מיר אַמאָל אויסגעדריקט.

ס׳איז נישט געווען קיין זעלטנהייט, אַז אַ „לינקער״, מאַרקסיס־טישער פירער זאָל „גיין מיטן טלית־זעקל״, אין יענע באַוועגונגען אָבער איז „פּריוואַט־זאַך״ געווען אַ גענוגנדיקער ענטפער, ווייטער נישט צו גריבלען זיך אין פערזענלעכע ענינים. די „פּאַרטייאישע אינסטאַנצן״ זענען נאָך געקומען אין באַרירונג מיט די מאַסן אַראָפּ־שאַלנדיק פון באַפּוצטע טריבונעס. אונז האָט מען געלערנט, און דער־צויגן אין אַן אַנדער גייסט: ס׳איז נישטאָ קיין איבערמענטשן, נישטאָ קיין צוויי תורות באַזונדער פאַר די „מאַסן״ און „פירער״ — אַלע טראָגן גלייכע התחייבותן און רעכט, איז דעריבער דעם אַלטנס אויפפירונג געווען פאַר פיל ווי אַן אידעאָלאָגיש פאַרברעכן. מיר באַגייען אָבער אָפט, ליידער, דעם פעלער, וואָס לגבי וועטפולע, דערהויבענע חברים, דולדן מיר נישט קיין פערזענלעכע שוואַכקייטן און פאָדערן פון זיי אַביסל צו פיל קאָנסעקווענטקייט, יעדנפאַלס מער ווי יעדער פאָדערט פון זיך אַליין.

די דאָמינירנדיקע חברים פון דער סינדיקאַליסטישער באַוועגונג, צווישן זיי אַ היפּשע צאָל געוועזענע תלמידים פון „אַלטן״, האָבן אים, ווי דערמאָנט, שטאַרק געשעצט, דער מיטגלידערשאַפט האָבן זיי אָבער קיינמאָל נישט רעקאָמענדירט צו גרופּירן זיך אַרום אים. ס׳איז אַ פאַקט, אַז ער איז זעלטן־ווען איינגעלאַדן געוואָרן אַלס לעקטאָר פאַר בילדונגס־קרייזן, הגם ער איז שטענדיק געווען גערן גרייט צו גיין ריידן, ווו מ׳האָט אים נאָר געוואָלט הערן. איך האָב שפּעטער קענענגעלערנט, אַז די חברים פון „דער רייי״ האָבן געדורשט נאָך טיפערער אויפקלערונג, נאָך עפּעס מער ווי פּאָליטישע טאָג־טעמאַטיק, וואָס די סינדיקאַליסטישע אָרגאַניזאציע האָט בעיקר געליפערט. אָט דער דראַנג האָט פיל געצויגן צום „אַלטנס״ ווינקל, ווו זיי האָבן געגאָסן פון זיין גייסטיקן קוואַל.

## 12

### די „בערזע“

#### א

מיט דער סינדיקאַליסטישער „בערזע“ האָט אונדז באַקאַנט געמאַכט די זייער טעטיקע און איבערגעגעבענע חברטע „אסתר“ (ראָסינער) *, איינע פון די אָפטע באַזוכערינס ביים „אַלטן“. זי האָט געהאַלטן פאַר איר מצווה, מיך און די אַנדערע „קאַלעגע־וואָרענע חסידים“, אַריסצונעמען פון דער „אַלטער“ סביבה, און אַריינצוציען אין דער ברייטער טעטיקייט פון די „יונגע“. שוין האָבנדיק אַ גענוגנדיקן באַגריף וועגן דעם אונטערשיד צווישן סינדיקאַליזם און אַנאַרכיזם, האָט אונדז דאָך, איבער אידעאָלאָגישע סימפּאַטיעס, אימפּאָנירט דאָס פרייע פעלד פאַר אַרבעט, וואָס דער סינדיקאַליזם האָט געהאַט הינטער זיך. איר איבערצייגנדיקע רעדע, אויף אַ זייטיקער פּאַרק־באַנק, איבערן באַדייט פון דירעקטער אַקציע, איז פאַר אונדז אויף אַ העלפט געווען איבעריק: אַקציע, טעטיקייט האָבן מיר געזוכט מיט גאַנצן ברען פון אונדזערע נשמות.

דער זאַמל־פּונקט (בערזע) פון די יידישע חברים, מערסטנס אין די אָוונט־שעהן, האָט זיך געפונען אויף דער לעשנאָ־גאַס צווישן באַנקאָוואַ און אָרלע, בסך־הכל אויפן אָפּשניט פון אַ צענדליק הייזער. דער ברייטער טראָטואַר דאָרט, האָט גערוישט מיט דורכגייער. די

---

* אסתר (האָפמאַן פון פּשעמישל) און איר מאַן וואָוועק ראָסינער, אַ זייער ענערגישער און פאַרדינסטפולער חבר; פון די יינגסטע יאָרן האָט ער געאַרבעט אין דער באַוועגונג. זייער שטוב אין וואַרשע איז געווען אַ חברישע היים און טרעף־פּונקט פאַר אידעישע צוזאַמענקונפטן. אויך אין די שוידערלעכע געטאָ־יאָרן, ווען דער קאַמף פאַר דאָ־זיין האָט ליידער ביי פיל אַרויסגערופן ווילדן עגאָאיזם — איז זייער היים געווען אַ פריינטשאַפטס־אינזל פאַר די נידערגעשלאָגענע חברים. וואָוועקן האָט מען אומגעבראַכט אַ פּאָר חדשים פאַרן געבורט פון זייער קינד (1942). אסתר, אַ פאַרמאַטערטע, האָט זיך נאָך דערשלעפּט ביז צום געטאָ־אויפשטאַנד און דאָרט אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע מאַרטירער. דאָס קינדעלע איז דורך איר שוועסטער פרידאַ אַרויסגעפירט געוואָרן אויף דער „אַרישער זייט“, מיט דער מיטהילף פון אונדזער פּוילישן חבר „יולעק“, אַ דאַנק וועלכן זיי זענען געראַטעוועט געוואָרן. דאָס קינדעלע — היינט אין קאַנאַדע — איז פאַר די נאָענטע חברים אַ סימבאָל פון פאַרגאַנגענע ליידן און דעם כוח פון חברישער סאָלידאַריטעט אונטער קאָשמאַרפולע אומשטאַנדן.

רייענווייז־שפּאַצירנדיקע, צווישן זיך געמיטלעך שמועסנדיקע יוגנט, האָט אויסערלעך נישט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט. עס איז נאָר געווען קאָנטיק, אַז אָט דאָ מאַרשירט הין־און־צוריק אַן אידעאָלאָגישע, קאָמפּאַקטע, קאָמפּסגרייטע אַרמיי, וואָס אין אירע נישט־דיסציפּלינירטע טריט איז אַריינגעפלאָכטן סטראַטעגיע. „אסתר" האָט מיט שטאָלצע טריט זיך דורכגעשניטן אַ וועג אויף פּאָרויס און מיט מאַמעשער זאָרגפעלטיקייט כסדר אומגעקוקט זיך צו אונז, די נייע רעקרוטן. איר פּנים איז געוואָרן אַביסל שטרענגלעך. נישט אַרויסגערעדט, האָט זי מיט די אויגן געוואָרפן באַפעלן אין דער באַוועגלעכער אַרמיי: „גייט, ווי נישט געזען מיך" — אָט זענען געווענדעט אירע אָנגעשטייפּטע בליקן צו דורכגייענדיקע פּאָרלעך, וואָס האָבן געמאַכט אַ פריינטלעכן פּרווו צו באַגריסן זי; און אָט גיט זי אַ ווונק — און צוויי חברים גייען ממש אַרויף אויף אונז, וואַרפן צו אַ פריינטלעכן שמייכל, קערן זיך צוריק אום — און מיר גייען שוין נאָך זיי, צוזאַמען פּאָרויס. דערווייטערנדיק זיך פון „צענטרום", פּאַרנעמענדיק זיך איבער זייטיקע געסלעך — זענען מיר היימיש געוואָרן, ביז ברידערלעכקייט. מ'האָט נאָר גערעדט וועגן פּראַקטישע ענינים: „וואָס קענסטו געבן?" „וועלכע אַרבעט נעמסטו?" — דערביי אויסגערעכנט אַ היפּשע צאָל טעטיקייטן. מיר זענען געווען ווי באַטויבט, נישט געוווסט פון וואָס אָנצוהויבן. קודם־כל האָבן זיי אונז איבערגעגעבן אומלעגאַלע ליטעראַטור (דאָס הויפּט אַרטיקל איז געווען „וואַלקאַ קלאַס"*), און שוין „באַלאָדענע" האָבן מיר זיך אומגעקערט צו אונדזער „כאָדניאַק". אַצינד האָבן מיר זיך דערפילט, ווי גלייכע מיט די אַלע שוין ביסלעך מיד־שלעפּנדיקע „שפּאַצירער". אַלע „גייענדיקע" האָבן אונז אויסגעזען ווי אייגענע און שווער געוואָרן אויסצוטיילן — ווער זענען עס די סתם דורכגייער. נאָר די קאָנספּיראַציע־פּליכט האָט אונז דאַן אָפּגעהאַלטן פון אַרומכאַפּן יעדן בערזע־מיטגליד און גוטברודעריש, הילכיק זיך פרייען לכבוד דעם אָנשליסן זיך און גיין מיט זיי אין דעם שווערן אָבער צוקונפט־באַהעלטן אידעאישן וועג.

ב

יענעם אָוונט האָבן מיר זיך באַקענט מיט צענדליקער

---

* „וואַלקאַ קלאַס" — אָפיציעלער אָרגאַן פון דער א.פ.פ. (אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטיטשנאַ פעדעראַציאַ פּאָלסקאַ).

חברים און חברטעס. אין ערשטן בליק האָט זיך געמערקט די איבערוויגנדיקע צאָל מיידלעך. מיר, וואָס זענען געקומען צום אידעאַל פון אַ טרוימערישער וועלט, מיט אַ באַזונדער צאַרטקייט געפיל פאַר פרויען־וועזן און דעם עמאַנציפּאַציע־קאַמף געהאַלטן פאַר אומטיילבאַר פון סאָציאַליזם — האָבן דערין געזען אַ סימבאָלישע דערשיינונג. ס׳האָט אונז געשיינט פאַר זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ דערהויבענער אידעאַל זאָל קודם־כל דערגיין צו די אַמ־מערסטנס באַעוולהטע און צומשטאַרקסטנס פילבאַרע פון דער געזעלשאַפט.

„יאַנקאַ די סטודענטקע *, איר מלא־חנעוודיק געזיכט, וואָס האָט געשטראַלט מיט מענטשן־ליבע; די תמימותדיקע „היכע חנה״, וואָס אירע ברייט אָפענע אויגן האָבן געקוקט מיט אַזויפיל מענטשן־צוטרוי; דאָס שוועסטער־פּאָרל חוה און רחל **, פון וועלכן דאָס שווערע אַרבעטער־לעבן האָט אָוועקגערויבט דעם פרויען־צויבער און נאָך מער פאַרשאַרפט זייערע בענקענדיקע בליקן; די שווייגנדיקע „אַנדזשע״ (פון מוראַנאָווסקי), אויף וועלכער די סימנים פון איר חסידישער היים האָבן זיך אַרויפגעלייגט און זענען געווען ניכר אין איר צניעותדיקן באַנעם און אינערלעכער פאַרטיפונג, די פיל־פיל אַנדערע רעוואָלוציאָנער־ברויזנדיקע חברטעס, וועלכע האָבן גלייך אין ערשטן בליק זיך אויסגעטיילט מיט זייער בונטאַרישקייט קעגן דעם עקסיסטירנדיקן אומרעכט — האָבן באַרעכטיקט אונזער מיינונג און צוטרוי צום כוח פון דער „שוואַכער אַרמיי״. בכלל גענומען, ווי ס׳האָט אונז שפּעטער דערוויזן די דערפאַרונג, האָבן די חברטעס פאַרנומען טאַקע אַ גאָר חשובן אָרט אויף אַלע טעטיקייטס־געביטן,

** יאַנקע ווייסבערג, אויסגעצייכנעטע סטודענטין פון וואַרשעווער אוני־ווערזיטעט; געטיילט זיך מיט איר וויסן, ווי אַ פליכט, מיט די, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו באַקומען בילדונג. געווען טעטיק אויך אויפן טעכנישן פּראָפּאַגאַנדע געביט. אומגעקומען אין ראַטנפאַרבאַנד.

** חוה און רחל זויבערמאַן — אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ. דעמזעלבן טראַגישן גורל האָבן אויך געטיילט די שוועסטער פּאָרלעך: יאַדזשע־באַשע גורעצקי, סאַלע־צעשע גליקזאַק, פּערלא־דאַשע (פון בראָ־וואַרנער גאַס), עדזשע (פון כלאָדנער), גוטשע (קראָכמאַלנע), סאַבע, רעגינקא, קאַזשעק און צענדליקער אַנדערע געטרייע חברים און חברטעס, וועלכע זענען געקומען אויף דער „בערזע״ מיט רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס און גרייט־קייט צו מעשים.

זיי האָבן אויסגעפּילט אַפילו די געפּערלעכסטע און שווערסטע אַרבעטן. די חברים פּלעגן זיך אַפילו אַמאָל דערלויבן צו באַנוצן מיטן טערמין „יאַקעס" (פּוילישער־יידיש: קליידלעך), ס'איז אָבער כדאי צו באַמערקן, אַז אַט דעם צינישן אויסדרוק האָבן אַריינגעבראַכט געקומענע פון קאָמוניסטישן חדר; דאָרט איז דער באַגריף עמאַנציפּאַציע פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז די פרוי האָט רעכט צו „מענעריזירן" זיך (אַט די טענדענץ האָב איך שפּעטער גאָר בולט געזען אין „פּראָלעטאַרישן פאָטערלאַנד"). אין דער סינדיקאַליסטישער באַוועגונג איז מען קיינמאָל נישט געקומען אויפן געדאַנק צו שאַפן באַזונדערע פרויען־גרופן. מיט זייער האַנדלונג און שטעלונג האָבן די חברטעס זיך אַרויסגעוויזן ווי פולשטענדיק־ווערטפולע און פאַראַנטוואָרטלעכע אָרגאַניזאַציע מיטגלידער. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט רעטאָרישע פעיקייטן, ווי אַ שטייגער „אידאַ" (פון נאָוואָליפּיע), „לאָנקע" (זאַלצמאַן — באַקאַנט אונטערן נאָמען „אַלאַבאַגאַ", צוליב איר שוואַכקייט צום דאַזיקן פּוילישן אויסדרוק), וועלכע איז געווען אונזער „רעפּרעזענטאַנץ" אין טעקסטיל פאַריין; אויך אין נאָדל־פאַריין האָבן די חברטעס פאַרנומען אַן אָנזעעוודיקן פּלאַץ, אונטער דער „קאָמאַנדע" פון דער ענערגישער „אסתר".

## 13

## „באַריקאַדן־מוזע"

אויף דער „בערזע" האָט מען מערסטנס געטראָפן די חברים פון „דער ריי"; די וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט באַזונדער וויכטיקע אויפגאַבן, איז געווען פאַרבאָטן צו „דרייען זיך אין גאַס". אַזעלכע האָבן נאָר באַזוכט די „בערזע" כדי עפּעס צו דערליידיקן און זענען גלייך פאַרשוווּנדן. דער ברייטער, לעבעדיקער חברישער קאָנטאַקט, האָט, אָבער, אַסך פון זיין פאַרשיכורט ביזן פאַרגעסן דעם קאָנספּיראַציע געבאָט און שעהן לאַנג האָבן זיי זיך מיט־געוויגט אין די פאַמיליאַריש־„גייענדיקע" רייען. איינע פון אָט די איז געווען „עוואַ"*. אַלס

* עוואַ שאַפּיראַ, אין מלחמה־צייט זיך „געראַטעוועט" דורכן אַנטלויפן קיין רוסלאַנד. אויך דאָרט האָט זי נישט באַהערשט איר ברויזנדיקע נאַטור און געקומען אין קאָנפליקט מיט דער נ.ק.וו.ד. געשטאָרבן אין רוסלאַנד (1943).

רעפערענטין, אָרגאַניזאַטאָרין פון קרייזן, איז זי געווען פאַרפליכט זיך צו האַלטן אין אַ זייט; איר דיכטערישע באַריקאַדן־מוזע האָט אָבער געצוווּנגען זי צו זיין מ י ט דער מאַסע. איר הויכע שלאַנקע און נישט־גראַציעזע פיגור, מיט דעם אויפגעריסענעם קאָפּ, האָט זיך אַרויסגעהויבן ביי יעדן צוזאַמענטרעף פון דער יוגנט; מאַרשירט פאָרויס אין אויספלוגן און אפילו אין ספּאָרט־אונטערנעמונגען, אָפט פון איר טאַקע אָרגאַניזירט. אירע נערוועז־מיסטישע אויגן האָבן געקוקט ערגעץ־ווייט, שטענדיק געזוכט צו פאַרבינדן פאַרשידענע געביטן אין דער איינציקער ראַם פון פּראָפּאַגאַנדע טעטיקייט: זי האָט געגעבן לעקציעס איבער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, מאַטעריאַליזם, אַנאַרכיזם, געלערנט עספּעראַנטאָ (צווישן אונדזערע גרופּן איז געווען פאַרעכנט פאַר אַ פליכט צו קענען די שפּראַך), געהאַלטן שמועסן איבער שיינער ליטעראַטור — און אַלץ אין די קליינע אומלעגאַלע קרייזן. „עוואַ” האָט אויך געהאַט אַ נייגונג צו לידער־שרייבן, געמאַכט פּרווון איבערצוזעצן גרעסערע אַנאַרכיסטישע ווערק — אויף דעם געביט האָט איר געשטערט איר טעמפּעראַמענט, דאַקעגן ביי ד י ר ע ק ט ע ר און מינדלעכער אַרבעט, האָט אַ דאַנק דעם איר שוווּנג אַריבערגעשטיגן די טעטיקייטס־מעגלעכקייטן פון אַ יחיד.

## 14

## אויף „זייער גאַס”

### א

צווישן דער „מינדערהייט” אויף דער „בערזע” — האָבן זיך געפונען די חברים. זיי זענען אַלע געווען אָריגינעלע טיפּן, מערסטנס אַרבעטער־בחורים, טעטיקע אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער מוט. ס'האָט זיך שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן זייער ענערגישקייט און זעלבסזיכער־קייט; זיי האָבן זיך אויף „זייער גאַס” געפילט, ווי אויף אַן איבונגס־פּלאַץ פאַר רעוואָלוציאָנערע אַרויסטריטן. אָט זעט מען „משהל זעלנערס” * אַרומדרייען זיך, אויף דעם לעשנאָ־טראָטואַר, מיט די

---

* משה צימער — אומגעקומען אין געטאָ צוזאַמען מיט זיין פרוי שרה, אויך אַ חברטע פון דער באַוועגונג, און זייער קינדעלע.

הענט אין די קעשענעס; אַט הערט מען ברוכס ר׳עדן הויך, אויף זיין האַלב־הייזעריקן קול וועגן טעטיקייטס־ענינים; אָט פּילט מען דעם יונגן און פלאַמעדיקן אַדאשס ** צעהיצן זיך וועגן דער נויטווענדיקייט פון מער „עפעקטועלע״ מעשים (באַטייליקט זיך דעמאָלס אין אַ „הונגער״־דעמאָנסטראַציע, איינגעאָרדנט דורך די פּוילישע גרופּן — בעת וועלכער עס זענען „אַרויסגעשל׳עפּט״ געוואָרן שפּייז־אַרטיקלען פון די שוי־פענסטער פון די לאָדנס. אָט־די האַנדלונגען האָבן נישט געפונען קיין סימפּאַטיע־אָפּרופן אין דער באַוועגונג). זייער אויפפירן זיך אויף דער „בערזע״ דיסציפּלין, זייערע אַרויסטריטן אויף די פאַריינס־טריבונעס אין נאָמען פון דער אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישער באַוועגונג, שטעלנדיק זיך אָפּן אונטער אַרעסט־געפאַר, האָט ביי זיי אָפּגענומען דעם חשק אָפּצוגעבן זיך מיט דעם קאַצן־מויזן־שפּיל פון סודותפולקייט. סיי ווי האָט זיי יעדער „שפּיצל״ (געהיים־פּאָליציי) געקענט. דערפאַר טאַקע האָבן די „שפּיצלען״ מער געלייגט אויפמערקזאַמקייט אויף די מיט־שפּאַצירער פון אַזעלכע חברים ווי אויף זיי גופא. די לייכטזיניקע האַלטונג פון געוויסע מיטגלידער האָט זיי און אויך אַנדערע געפירט צו אַרעסט און תפיסות, ווו די ברוטאַלע פּאָליצייאישע לאַפּעס האָבן זיך באַמיט זיי פיזיש און גייסטיק צו צעברעכן; מערסטנס זענען גאָר פון דאָרט

---

** אין 1940 האָב איך באַזוכט אַדאַשן און זיין קליינער פויערים־ווירטשאַפט, הינטער גראָדנע, ווו ער האָט געפירט אַ זייער אָרעם און סטאַטיש לעבן מיט זיין פרוי — אַ גוטהאַרציק יידיש דאָרפס־מיידל — און צוויי קינדערלעך. אין דעם שטילן ווינקל האָט ער ערנסט שטודירט אונזער ליטעראַטור; זיין יוגנט־שטורעם איז כמעט ווי פאַרשוווּנדן, אבער ער האָט פאָרגעזעצט זיין אידעישע טעטיקייט, אָרגאַניזירט גרופּן, געהאַלטן פאַר זיי רעפעראַטן פון אַ טיפן באַנעם. ביים איבערגיין צום פויערן־שטאַנד האָט ער דערזען, אַז דער אידעישער באַגאַזש, וואָס ער האָט געברענגט פון די „שטאָטישע גרופּן״ (וואַרשע), פּאַסט זיך נישט פאַר דער נייער סביבה. גע־ווידמעט זיך צום פאָרשן דעם צוגאַנג פון דער שפּאַנישער באַוועגונג צו אַגראָ־קולטור פּראָבלעמען און באַמיט זיך איבערפּלאַנצן אין דער פּוילישער סביבה זייערע פּראַקטישע אויפטואונגען. הינטער דער סאָוויעטישער אינ־וואַזיע־מאַכט, האָט ער געטוליעט זיך אין איינזאַמקייט צו זיין זייטיקן ווינקל; געחלומט וועגן איבערלעבן דאָרט די מלחמה — וואַרשיינלעך אומגעקומען מיט זיין פאַמיליע אין גראָדנער געטאָ.

פיל אַרויסגעקומען מיט נאָך פעסטערן גלויבן אין די אידעאישע שטרעבונגען *.

ב

אין די יאָרן 1930—4 זענען פאָרגעקומען צוויי גרעסערע „דורכ־פאַלן", בעת וועלכע ס'זענען אַרעסטירט געוואָרן צענדליקער חברים. אין איין פאַל האָט די פּאָליציי־„אַנטדעקונג" געהאַט צו פאַרדאַנקען די בערזיאַנישע אַביסל צו טומלדיקע באַגעגענישן. דאַקעגן אַ צווייטער דורכפאַל, אין וועלכן עס זענען אַרעסטירט געוואָרן מערסטנס טעכ־נישע אויספירער, האָט געלאָזט דעם חשד, אַז דאָ האָט געאַרבעט אַ פּראָוואָקאַטאָרישע האַנט, וואָס איז ליידער נישט אַנטדעקט גע־וואָרן. אויך אין לאָדזש זענען אין דער'זעלבער צייט אַרעסטירט געוואָרן בערך אַ צענדליק חברים; לגבי איינעם פון זיי — „חיים" (ליבעפעלד), — וואָס אין זיין שטוב איז געפונען געוואָרן דער „ליטעראַטור"־מאַגאַזין, ווי אויך וויכטיקע באַוועגונגס־דאָקומענטן, האָט די פּאָליציי אָנגעוואָנדן באַזונדער'ע מיטלען אַרויסצובאַקומען פון אים „דערקלערונגען וועגן די מיט־שותפים". דער באַשיידענער, יונגער סטאָלער־אַרבעטער, האָט אָבער אין משך פון אַנדערטהאַלבן יאָר תפיסה (באַקומען אַזאַ „מילדן" אורטייל אַדאַנק דער געלונגענער פאַרטיידיקונג) באַוויזן בייצוקומען אַלע שווערע נסיונות. אויך „זיגמונט" (אַ פּוילישער חבר), האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין האַלטונג אָפּזיצנדיק אַן ענלעכן אורטייל. כדאי צו באַמערקן, אַז די

* דעם דאַמאָלס יונגן לעבנסלוסטיקן יאַקוב (סעגאַל), האָבן די „דעפע"־לייט באַוויזן אונטערצוהאַקן די לונגען, אָבער זיין גייסטיקער איך, לעבנס־הומאָר, אָפּטימיזם און גלויבן אין צוקונפט — איז געבליבן כמעט אומבאַ־רירט; ער איז נאָך פעיק געווען אויסצוהאַלטן „5 גוטע יאָרן" אין „רויטן גן־עדן" (נאָכן אַנטלויפן פון באַלאַגערטן וואַרשע 1939), באַוויזן אַפילו זיך אומצוקערן פון דאָרט, שמוגלענדיק אַ האַלב־טוץ גרענעצן און פאַרבינדן זיך מיט די געציילטע לעבנגעבליבענע פריינד אין דעם „גוטן גלות־דייטש־לאַנד" (איירא־לאַגערן). אויך דאָס יאָרן־לאַנגע זיצן צווישן די סאַנאַטאָריע־ווענט, די מעדיצינישע עקספּערימענטן צו „פאַרלאַטען" זיין געזונט־צושטאַנד, האָט פון אים נישט אַוועקגענומען דעם געזונטן בליק אויפן לעבן. די באַוועגונגס־טעטיקייט און סביבה האָט אים באַלאָדן מיט דער וווּנדער־באַרער ווידערשטאַנדס־פעיקייט קעגן „אָביעקטיווע שטערונגען", ווי דער פאַל איז אויך געווען ביי צענדליקער אַנדערע חברים.

באַוועגונג האָט קיינמאָל נישט דיספּאָנירט מיט קיין געלט־רעזערוון, די פּרייַע באַשטייערונגען פון דער מיטגלידערשאַפט זענען אַרייַנ־געפלאָסן „לויט דער באַדערפעניש״; בעת די דערמאָנטע אַרעסט־פאַלן האָבן די חברים אויף „דער פרייַ״ געמאַכט די גרעסטע אָנ־שטרענגונגען, פיל האָבן אָוועקגעגעבן די לעצטע גראָשנס זייערע לטובת די אַרעסטירטע. אַ באַדייטנדיקע הילף איז אויך געקומען מצד די פּאַציפיסטישע און עטישע גרופּן, וואָס האָבן זיך באַטראַכט אַלס אידעאָלאָגיש נאָענטע צו אונז.

ג

די צאָל פוילישע חברים, וואָס זענען געקומען אויף דער לעשנאָ־„בערזע״ איז געווען זייער קליין; די וועלכע האָבן יאָ דאָרט באַזוכט, האָבן זיך באַזונדער נאָענט איינגעלעבט אין דער יידישער סביבה. דער אַזוי ליבלעכער „יולעק״, „יוזשעק״ (דובאָווסקי — אומגעקומען ביי די טויערן פון געטאָ, בעתן אַריינשמוגלען הילף פאַר אונזערע חברים) און „יאַנעק״ — האָבן אַרויסגעוויזן אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר די ספּעציפישע יידישע פּראָבלעמען. זיי, די קינדער פון וואַרשאַווער פוילישע פאַרשטאָט־געביטן, געהאָדעוועט געוואָרן יאָרן־לאַנג אין גייסט פון יידן האַס, האָבן דורך אינערלעכער איבער־צייגונג באַגריפן די זינלאָזיקייט פון נאַציאָנאַלן שאָוויניזם. אַנטי־סעמיטיש־באַרבאַרישע אַרויסטריטן אין לאַנד האָט זיי מאָראַליש מער דערדריקט, ווי אונדז, די געטראָפענע. אין טעג ווען די פוילישע נאַציאָנאַל־כוליגאַנעס האָבן „געהולעט״, האָט זיך ביי זיי געמערקט אַ פאַרלאַנג זיך נאָך מער צוזאַמענגיסן מיט די יידישע אידעען־חברים. זיי האָבן געדינט אַלס אַנדייט פון דער מעגלעכקייט פון אינטערנאַציאָנאַלער פאַרברידערלעכקייט. דאָס איינציקע וואָס האָט אויסגעטיילט אָט די „שקצים״ (ווי זיי אַליין האָבן זיך וויציק גע־רופן), פון אַלע אַנדערע, איז געווען זייער רעדן בלויז פויליש און שלעכט אַקצענטירן יידישע ווערטער, וועלכע זיי האָבן זיך באַמיט צו באַנוצן. כאַראַקטעריסטיש, אַז יידיש איז געווען די נאַטיר־לעכע אומגאַנגס־שפּראַך פון די יידישע אַרבעטער־בחורים; מערסטנס זענען זיי אַריינגעצויגן געוואָרן נאָך אין די פריע קינדער־יאָרן אין וואַרשטאַטן, און נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך אויסצולערנען די לאַנדס־שפּראַך. ס׳זענען דעריבער געווען זייער ווייניקע, וואָס

האָבן פרײַ זיך געקענט דורכשמועסן אין פּויליש. אײנע פון די סיבות, צוליב װעלכע ס'האָט געפעלט מער לעבהאַפטער קאָנטאַקט צװישן דער יידישער בערזע (לעשנאָ) און דער פּוילישער (אין װאָליער־געגנט), איז געװען די שפּראַכן־אָפּגעזונדערטקייט. ס'איז אָבער באַמערקונגס־װערט, אַז דאָס „איבן זיך" אין פּויליש איז געװען אַן אַלגעמײנע שטרעבונג, טאַקע בכדי צו קענען זיך דערנענטערן מיט די פּוילישע קרײַזן און אויך קענען אויסברייטערן די פּראָפּאַ־גאַנדע טעטיקייט. גאַנץ אַנדערש איז געװען די לאַגע ביי די חברטעס: די אומגאַנגס־שפּראַך איז בײַ זײ געװען פּויליש. ס'רוב עלטערן (אַן אַלטער יידישער שטייגער) האָבן באַמיט זיך נישט צופרי אַרויפ־לייגן אויף מיידלעך דעם פּרנסה־עול, און אפילו פון די אָרעמסטע שיכטן האָבן לענגער באַזוכט שולן. די נייגונג פון „שיינעם מין" צו פּאָלאָניזירונג איז געװען אַן אַלגעמײנע דערשײַנונג אין דער יידישער אַרבעטער סביבה, שוין אָפּגערעדט פון די בירגערלעכע קרייזן, װוּ די פּאָלאָניזאַציע האָט געטראָגן אַ סנאָבישען כאַראַקטער. עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז די מער־ערנסטע חברטעס האָבן זיך באַמיט צו קענען און באַנוצן יידיש, כדי זיך צו דערנענטערן צום יידישן מאַסן־מענטש. דערפאַר אָבער, האָט אין די סטודענטישע קרייזן, װוּ ס'האָט נישט עקזיסטירט אַזאַ פּראָבלעם פון צװייפּרעדונגס־מעגלעכקייט, געהערשט פולשטענדיקע צוזאַמענגיסונג פון פּוילישע און יידישע באַװעגונגס־חברים און די גרופּן זײַנען געװען אָװעק־געשטעלט נאָר לויט דער אײנטיילונג פון די לערן־אינסטיטוציעס.

## 15

## דער „פּוילישער אַלטער"

### א

אויך די פּוילישע חברים האָבן געהאַט זייער „אַלטן", װעלכער איז געװען באַקאַנט אין די ברייטערע יוגנט־קרייזן און איז אויך געשטאַנען אין נאָענטער באַרירונג מיט דער באַװעגונג. ער איז געװען זייער פּאָפּולער אויך ביי דער יידישער חברה. זיין ברייט־צעפלאַשטעטע טיפּיש־יידישלעכע באָרד, אויף דעם געזונטלעך־„גרישן" פּנים, האָט דערמאָנט אין די אַלטע רוסישע רעװאָלוציאָנערן. ער

האָט אויסערלעך געמאַכט דעם איינדרוק, ווי באַקונין וואָלט געווען זיין פּראָטאָטיפּ און די אידעאָלאָגישע איינשטעלונג זיינע איז טאַקע געווען אַ באַקוניניסטישע. ער איז געווען באַקאַנט מיט זיין ערשטן נאָמען: קאָנראַד. זיין ביכער־„סטראַגאַן” אויפן „קערצעלאַק” (האַנדלס־מאַרק אין אַ פּוילישן אַרבעטער געגנט), האָט אויך געדינט אַלס טרעף־פּונקט. דאָס איז געווען דער איינציקער גייסטיקער צענטער אויף יענעם רוישיקן פּלאַץ, ווו אַלע מינים סחורות זענען הילכיק אויסגערעכנט געוואָרן פון די מאַרק־הענדלער, אונטערזינגענדיק די אָקאַזאָנס־פּרייזן. אויך קאָנראַדס „סחורות”, די אויסגעלייגטע ביכער אויפן טיש, אונטערן פרייען הימל — זענען נישט הינטערשטעליק געבליבן מיט ראַשיקע אויפשריפטן: „ביליקע פּרייזן!” ביי אים זענען בעיקר געווען צום פאַרקויף געניצטע, טיילמאָל שוין פאַרגעלטע ביכער (אויך פאַטעפאָנען און פּליטן האָבן זיך געפונען אין זיין קולטור־קרעמל). אַן אונדזעריקן האָבן קודם־כל געריסן די אויגן די טיטולן פון ווערק און נעמען פון מחברים, וואָס זענען אונדז געווען אַזוי טייער. באַקונין, קראָפּאָטקין און אַנדערע טעאָרעטישע ווערק פון און איבערן אַנאַרכיזם, האָבן אויך קאָנראַדס פאַרקויף־שטעלע פאַרנומען דעם סאַמע אויבן אָן; די „סחורה” איז פון אים אָנגעבאָטן געוואָרן צו די טויזנטער קונים, וואָס האָבן פון דאַנען אַ שבת־נאָכמיטאָג אַהיימגעפירט גאַנצע קוישן גוטס, און ווער פון זיי האָט זוכה געווען צו כאַפּן אויך אַ גייסטיקע „מציאה”. אינדזערע „קונים” האָבן דאָרט זיך אָפּט באַוויזן נאָר אין די „שטילע” טעג, ווען מ׳האָט מיטן „סוחר” אויך געקענט כאַפּן אַן אינטערעסאַנטן שמועס אָדער באַקומען אָנווייזונגען אין זעלבסט־שטודיום מיט דער גרעסטער איבערגעבנקייט. ווי אַנדערע פּוילישע חברים האָט ער נישט אַנטוישט אין די טראַגישע געטאָ־טעג, געבנדיק זיין מעגלעכן ביישטייער צו־הילף די יידישע חברים אין זייער ביטערן מצב.

ב

די פּאַנאַנדערטיילונג אין באַזונדערע יידישע און פּוילישע גרופּן איז בעיקר געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר וואַרשע, און טאַקע נאָר צווישן די פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזירטע אַרבעטער; די פאַקטישע צעטיילונג פון „יידישע פאַכן” (מערסטנס קליין־אינדוסטרי) און „גוישע” (גרויס־אינדוסטרי) און אויך די עקזיסטענץ פון „נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמישע” פאַריינען האָט גורם געווען, אַז אויך די סינדיקאַ־

ליסטישע באַוועגונג, וואָס איז געווען קעגן צעשפּליטערונג פון אַרבעטער־קלאַס, האָט זיך געמוזט רעכענען מיטן דאָזיקן צושטאַנד; ביים זוכן אויסצושפּרייטן זייער איינפלוס, האָבן די גרופּן געמוזט זיין אָרגאַניזירט אַזוי, אַז זיי זאָלן קענען האָבן אַ דירעקטע השפּעה אויף די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. אַ גאַנץ אַנדערע לאַגע איז געווען אין זאַגלעמביע (גורניטשע)*, טאַרנאָוו, פּשעמישל און אַנדערע אינדוסטרי־געביטן, ווו די יידישע פּאַרייען האָבן נישט פאַרטראָטן קיין אַנגעזעענעם כוח, דאָרט זענען די גרופּן געווען אַלגעמיינע. די אָרטיקע יידישע חברים האָבן אין האַרמאָניע צוזאַמענגעאַרבעט מיט די פּוילישע. אויך אין קראַקאָוו, מיט דער גרויסער יידישער באַפעלקערונג און „אייגענע״ פּראָפ.־פאַריינען, איז די פאַרטיילונג פון יידישע און פּוילישע גרופּן נישט געווען אַזוי בולט. דאָס לאָזט זיך אפשר אויך דערקלערן דערמיט, וואָס ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט יענער געביט געהערט צום עסטרייכישן אָקופּאַציע געביט, ווו דער „געטאָ־גייסט״ האָט ווייניקער געהערשט. בילדונג, בפרט שפּראַכן־קענטעניש, איז דאָרט געשטאַנען אויף אַ פיל העכערן ניוואָ, ווי אין די יידישע צענטערס פון די געוועזענע „צאַרישע פּראָווינצן״. זעלטן האָט מען דאָרט געטראָפן אַ יידן (אפילו אין שטעטל), וואָס האָט ניט געקענט ריידן פּויליש; ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס די יידישע יונגעלייט, וואָס זענען געקומען אין אונדזער באַוועגונג, מיט אינטערנאַציאָנאַלע אידעען האָבן לייכטער געפונען דעם וועג איינצולעבן זיך מיט די פּוילישע חברים.

## 16

## „זעלבסטשטענדיקע אנארכיסטן״

### א

בײַ דער שטרענגער קאָנספּיראַציע, וואָס האָט געמאַכט שווער דאָס באַקענען זיך מיט די טעטיקע אידעאישע חברים, האָט אין לאָדזש עקסיסטירט אַ הייפל מענטשן, וועלכע האָבן זיך רעקלאַ־

* די טעטיקייט פון די דאָרטיקע גרופּן איז געווען גוט באַקאַנט דורך זייערע אומלעגאַלע אויסגאַבן, אַרויסגעברענגט אין אייגענער געהיימער דרוק־אַפּטיילונג.

מירט אַלס אַנאַרכיסטן. שוין דאָס אַליין האָט עדות געזאָגט, אַז זיי זענען ווייט געווען פון צו זיין אונדזערע נאָענטע. ליידער האָבן אָבער זיי און באַזונדער זייער גייסטיקער טאַטע: „לייב אַנאַרכיסט", רעפּרעזענטירט דעם אַנאַרכיזם ווי פון אַ קרומען שפּיגל ארויס. בעת מיין אויפהאַלט אין לאָדזש (1931—32), איז מיר נישט איינמאָל אויסגעקומען צו הערן, אין אַרבעטער־קרייזן, אויסזעצונגען און איראָנישע באַמערקונגען אויפן חשבון פון עפּעס אַ קריפּל־אידעע, וואָס זיי האָבן אָנגענומען אַלס אַנאַרכיזם אויפן סמך פון זייער באַקאַנטשאַפט מיט יענער גרופּע. דער טרעף־פּונקט פון יענע „אַנאַרכיסטן" איז געווען אַ גוט־באַוווסטער אַדרעס: צווישן די טישלעך פון „אַרבעטער־ווינקל"־רעסטאָראַן (אין בונדישן לאָקאַל, פּאָלודניאָווע 20), אין די מיטאָג־שעהן, איז לייכט געווען צו טרעפן „לייב אַנאַרכיסט" און זיינע „אָנהענגער". ער איז געווען אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, זייער אָפּגעלאָזן געקליידעט, דער דאַשעק פון אויסגעריבענעם היטל שטענדיק אַראָפּגעלאָזט טיף איבערן שטערן, פון אונטער וועלכן ס'האָבן אַפּערגעלויכטן אַ פּאָר נערוועז־מעלאַנכאָלישע אויגן. זיינע אויסגעקרימטע ליפּן האָבן זיך בעתן רעדן שווער באַוויגן, ווי ער וואָלט צעקייט יעדעס אַרויסגערעדט וואָרט. ער האָט געשאָטן מיט פאָרמולירטע געדאַנקען, ווי אַן אמת־דערפאַרענער דיספּוטאַנט, ציטירט גאַנצע זאַצן פון קלאַסישע ווערק און אַרויסגעוויזן גרויס בקיאות אין דער אַנאַרכיסטישער ליטעראַטור. אויסהערנדיק זיינע לאַנגע, „גייסטרייכע מאָנאָלאָגן" (זיינע צוהערער קיינמאָל נישט געלאָזט קומען צום וואָרט), איז שווער געווען צו אָריענטירן זיך און וויסן וואָס אייגנטלעך ער וויל. מ'האָט זיך געקענט אָנשטויסן, אַז זיין טראַגישע פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט איבערגעלאָזט בולטע שפּורן אויף זיין קערפּער (פון פאַראַליטיש פאַרקריפּלטע האַנט און פוס) און פאַרוואַנדלט אים אין אַן עלענדן, אַרבעטס־אומפעיקן מענטשן, האָט ביי אים פאַרשפּיצט דעם האַס צו אַלץ און אַלעמען. אינם אַנאַרכיזם, וואָס, ס'ווייזט אויס, ער האָט גוט שטודירט, און וועלכער איז געווען אַמאָל זיין לעבנס־אינהאַלט און ער האָט אים טעטיק פּראָפּאַגאַנדירט, האָט ער זיך שפּינעבאַרטיק פאַרוועבט, אַזוי אַז ער האָט מער נישט געזען דעם געזעלשאַפטלעכן האָריזאָנט. צו אַלע האָט ער געערדט מיטן זעלבן שאַבלאָן; אָנגעכאַפּט עפּעס אַ זיך לאַנגווייליקדיקן אַרבעטער־בחור, אויסגעגאָסן פאַר אים זיינע טענות צו דער וועלט און ווען יענעמס געדולד האָט געפּלאַצט צו הערן די

אַבסטראַקטע פילאָזאָפיעס, איז לייב אַוועק אַ ברוגזער, וואָס „די וועלט פאַרשטייט אים ניט". אינם „ווינקל", וווּ ער האָט פאַרבראַכט טעגלעך שעהן לאַנג, אָפּעסנדיק עטלעכע זופּן (אויפן חשבון פון היימישע באַצאָלערס), איז ער קיינמאָל ניט געזעסן אַליין. אויסער סתם נייגעריקע, איז ער געווען אַרומגערינגלט פון זיינע „סימפּאַ־טיקער", ס׳רוב יונגעלייט (אויף פּרוּוען האָט מען געקענט טרעפן דאָרט), ניהיליסטיש־געשטימטע און פאַרערער פון די „קלאָשאַרן"; זיי האָבן נעגירט דאָס פּשוטע אַרבעטער־לעבן בכדי ניט „אונטער־צוהאַלטן" דעם קאַפּיטאַליזם. אין דעם הייפל האָבן זיך אויך געפונען „דיכטערישע נשמות", אייניקע אַפילו טאַלאַנטירטע, וואָס האָבן ניט געוואָלט אַוועקגעבן אַ דריטל פון יעדן מעת־לעת אויף פּראָזאַאישע הצטרכותן.

„לייב אַנאַרכיסט" האָט אויך געהאַט אַ צוטריט צו געוויסע „איבערזעטיקטע פון עקספּלאָאַטאַציע" — גבירים, וועלכע האָבן אים און זיין חברה איינגעלאַדן צו זיך אויף „דערהויבענע" אָוונטן. ביים אַקאָמפּאַניאָן פון אַלקאָהאָל־פלעשלעך האָבן די אַבסורדאַלסטע גע־דאַנקען אויסגעזען פאַר זיי ווי ניי־אַנטדעקטע אמתן. אָט די „לייביסטן" זענען געווען אַזוי פּאָפּולער, אַלס „אָריגינאַליטעטן", אַז ס׳איז גענוג געווען אַרויסצוזאָגן עפּעס אַן אַנאַרכיסטיש ענלעכן געדאַנק, צווישן גאַנץ צופעליקע לאָדזשער באַקאַנטע, מ׳זאָל גלייך פרעגן צי איר זענט ניט פון „לייב אַנאַרכיסטס לייט". ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ פּעקל מאַנוסקריפּטן, גרייט צום דרוק, וואָס ער האָט, כמעט אומגעבעטענערהייט, יעדן אונטערגערוקט אַריינצוקוקן אין זיי וואָס זענען געווען פערזענלעכע איבערלעבענישן. זיינע שריפטן האָבן געטראָגן אַ קלינגענדיקן נאָמען: „מעמואַרן פון לייב אַנאַרכיסט". אויך מיר האָט ער געגעבן די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט זייער אינהאַלט. ביי דער געלעגנהייט האָב איך אים, אויף אַ זייער דעליקאַטן אופן, געגעבן אנצוהערן, אַז זיין אויסטייטשן דעם אַנאַרכיזם און די האַלטונג פון זיין „גרופּע", ברענגט שאָדן דער מיפּולער פּראָפּאַגאַנדע פון אונזערע פּיאָנערישע באַוועגונגס־חברים. איך האָב אים געראָטן אַראָפּנעמען דעם „אַנאַרכיסט" פון זיין ווערק, ווייל זיין גאַנצער געדאַנקען־גאַנג האָט מער שייכות צו „לייבן" ווי צום אַנאַרכיזם. אַלס ענטפער האָט ער אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, באַהאַלטן אים אין די אויסגעמאָגערטע הענט. נאָכן צוריק אַנטפּלעקן דאָס פּנים, האָבן צוויי בליטשענדיקע טרערן געגליטשט

זיך אויפן פאַרכמורעטן געזיכט. אויפשטעלנדיק זיך מיט אימפעט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַנטלויפן פון זיך אַליין, האָט ער צו מיר, ביים געזעגענען זיך, געזאָגט מיט פאַרביטערונג: „יעדער מענטש בלאָנדזשעט, און איך האָב געבלאָנדזשעט אויף אַנאַרכיסטישע וועגן"... ס'האָט זיך מיר געוואָלט ענטפערן: „בלאָנדזשענדיק, דאַרף מען נישט אַנדערע אָנווייזן קיין צווייפלהאַפטע צילן", אָבער ער איז ווי אַ שאָטן פאַרשוווּנדן, איידער איך האָב באַוויזן צו עפענען דאָס מויל.

ווי לאָדזשער חברים האָבן איבערגעגעבן, זענען די „מעמואַרן פון לייב אַנאַרכיסט" שפּעטער דערשינען אין דרוק. דער שטורם פון חורבן האָט פאַרווישט די שפּורן פון לייבן צוזאַמען מיט זיינע מעמואַרן.

ב

אויך אין וואַרשע איז געווען באַקאַנט אַזאַ „זעלבשטענדיקער פּראָפּאַגאַנדיסט", וועלכער האָט געטראָגן זיין איבערצייגונג אין דער עפנטלעכקייט. אַלע האָבן אים גערופן „שאָל אַנאַרכיסט" און באַזונדער פּאָפּולער איז ער געווען אין „אַרבעטער היים" (פּועלי־ציון, קאַרמעליצקא 23). גראָד זיין טעאָרעטישער צוגאַנג איז געווען אַן אויסגעהאַלטענער, לויט דער אַנאַרכאָ־קאָמוניסטישער ריכטונג, וואָס ער האָט אָנערקענט אַלס זיין אידעאַל. „שאָל" איז געווען אַ שטאַרק באַלעזענער, דורכגענומען מיט רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט און באמת קלאַסן־באַוווסטזיניק. זיינע אויפקלערונגען, וואָס ער האָט אַלס „גייענדיקע טריבונע" פּובליקירט, האָבן דעם אַנאַרכיסטישן געדאַנק אַפילו געבראַכט נוצן. פּערזענלעך איז ער אָבער געווען אָפּשטויסנדיק. אָפּגעלאָזן געקליידעט, אַפילו שמוציקלעך, שטענדיק מיט ברוינע נעגל פון פּאַליטור (סטאָלער); די שטרענגע געזיכטס־שטריכן און גריילצנדיקע שטים פון זיין ציינערלאָזן מויל, האָבן אויסגעדריקט אַ בייזקייט. דערצו איז ער געווען אָנגרייפעריש, בייסיק, אַפילו באַליידיקט פּערזענלעך די, וואָס האָבן געפּרוּווט מיט אים דיסקוטירן. זיין האַלטונג האָט געווירקט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג פון דאָס פּרעדיקן פרייהייט און האַרמאָנישע צוזאַמענלעבונג צווישן מענטשן. אַלע באַוועגונגס־חברים האָבן אים גוט געקענט, אָבער באַצויגן זיך צו אים מיט אומצוטרוי, בעיקר צוליב זיין אַנטיפּאַטישער האַלטונג, און אָפּט באַדויערט, וואָס גראָד אַנאַרכיסטישע „נעגאַטיוון" רעפּרעזענטירן אונז אויף דער „לעגאַלער זייט".

## ג

די פֿאַקטישע טוער פֿאַר דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון דער אַנאַרכיסטישער פּראָפּאַגאַנדע אין לאָדזש, האָבן זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, קיין אַדרעס נישט געהאַט; ווי אומעטום זענען דאָרט אונזערע אַקטיווע גרופּן געווען שטרענג פֿאַרקאָנספּירירט. געווען בסך־הכּל עטלעכע יידישע און פּוילישע גרופּן, אָבער לויט זייער ווירקונג אין דער עפֿנטלעכקייט, וואָלט קיינעם נישט איינגעפֿאַלן, אַז דאָס איז אַ פּראָדוקט פֿון אַזוי ווייניק מענטשן. אויפֿן פּראָפֿעסיאָנעלן געביט זענען געווען באַקאַנט די חברים: „וועלוול“ (ביי די קאָנדיטאָרס) *; „יוקל“ (קאַרמאַזין — זיך גערעכנט אַלס קראָפּאָטקיניאַנער, ווי אַלע עלטערע חברים, אונטער דער השפּעה פֿון די אַמאָליקע אַנאַרכיסטישע גרופּן אין צאַרישן רוסלאַנד), „ראַכמיל“ (באָרנשטיין־בעקער), „מאַניע“ (לעשטשינסקאַ), „העניעק“, „חנינא“ (נאָדל־אַרבעטער), „קלמן“ (זינגער — סוויטער־מאַכער) און „לייזער“ (קראַמאַרסקי). אין דער גרויס־אינדוסטריע זענען בעיקר געווען טעטיק די פּוילישע חברים: „יוזשעק“, „סטאַשעק“ **, וולאַדעק און אַנדערע. די פּאָליטישע אַרבעט איז פֿון אַלע גרופּן צוזאַמען געפֿירט געוואָרן אין פֿולשטענדיקער געמיינזאַמקייט. זיי האָבן געהאַט אַן אייגענע לייען־ביבליאָטעק פֿאַר שטודיום־צוועקן, אָפּן פֿאַר דער מיטגלידערשאַפֿט אין סימפּאַטיקער. ווי אומעטום האָט דער באַזונדערער אָפּקלייב פֿון פֿרייהייט־לעכע ווערק, אַפֿילו לעגאַלע אויסגאַבן, געמוזט געהאַלטן ווערן אין אַ באַוועגלעכן צושטאַנד צוליב קאָנספּיראַציע־טעמים און געפּאָדערט קרבנות־גרייטקייט פֿון די ביבליאָטעקאַרן. אין דעם פֿאַל האָט לאָדזש געהאַט מער מזל ווי וואַרשע, וואָס די דאָרטיקע ביבליאָטעק האָט צוליב פּאָליצייאישע פֿאַרפֿאָלגונגען דורכגעמאַכט שווערע „גלגולים“, בעת וועלכע ס'זענען פֿאַרלוירן געגאַנגען ווערטפֿולע עקזעמפּלאַרן. דאַקעגן אין לאָדזש איז די גאַנצע צייט אַדורך „בשלום“ — ביזן אַריינמאַרש פֿון די היטלער־באַנדעס, ווען אָט דער אוצר, מיט מאַטעריעלע אָנגעזאַמלטער, איז אַריינגעפֿאַלן אין די הענט פֿון די שמוציקע באַרבאַרן.

* וועלוועל ליבפֿעלד — אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ, ווי פֿיל אַנדערע לאָדזשער חברים.

** סטאַשעק לישעצקי — דערשאָסן געוואָרן דורך די ס.ס.־באַנדיטן גלייך בעת זייער אַריינמאַרש קיין לאָדזש.

אַ גרויסע צייט, בעת גרויסע דורכפאַלן און אַרעסטן צווישן די וואַרשאַווער גרופּן, איז די „וואָלקאַ קלאַס״ אַרויסגעגעבן און גע־דרוקט געוואָרן אין לאָדזש, און פון דאָרט — אַלס צענטראַל־אָרגאַן — פאַרשפּרייט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד. די דאָרטיקע גרופּן האָבן אויך אַרויסגעבראַכט אייגענע אויסגאַבן, געווידמעט אַלגעמיינע פּאָליטישע פּראָבלעמען, וואָס איז זיך צעגאַנגען ווייט איבער די לאָדזשער גרענעצן. בעת דעם בירגער־קריג אין שפּאַניע איז דורך דער איניציאַטיוו פון די לאָדזשער גרופּן, און זייער אויספירונג, דערשינען אַ קינסטלערישע צייכענונג אין פאָרם פון אַ פּאָסט־מאַרקע, מיט דער אויפשריפט: „פאַר אונדזער און אייער פריי־הייט״ — פאַרן צוועק צו זאַמלען געלט לטובת די שפּאַנישע רעוואָלוציאָנערע קעמפער. נאָך דורוטיס זיגערישן אַריינמאַרש קיין מאַדריד איז דורך די דערמאָנטע חברים אָפּגעדרוקט געוואָרן זיין בילד (בערך 1000 עקז.) פאַר פּראָפּאַגאַנדע צוועקן. אויך ביי לעגאַלע אויסגאַבן, ווי דער שטייגער, נישט אונטערן אָפיציעלן נאָמען פון דער באַוועגונג, האָבן די לאָדזשער חברים אַרויסגעוויזן פאַרלעגערישע טעטיקייט. מיט באַוווּנדערונג מעג באַצייכנט ווערן די „קליינע פעסטונג״, וואָס האָט פיל מער געטון, ווי לויט איר מענטשן רעזערוואַר, אַדאַנק זייער גוטן ווילן און פעיקייט.

## 17

## די שטים פון „אונטערערד״

### א

נאָך דעם וואָס די יידישע חברים האָבן פאַרנומען אַ בכבודיקן פּלאַץ און געשפּילט אַ דאָמינירנדיקע ראָל אין דער אַנאַרכיסטי־שער באַוועגונג, זענען אַלע אומלעגאַלע פּובליקאַציעס דערשינען נאָר אין דער פּוילישער שפּראַך. בלויז די, וואָס זענען געווען געווידמעט די אינערלעכע פאַריינס־ענינים פון די „יידישע בראַנזשעס״, זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יידיש. די אנשטרענגונגען, וואָס האָט גע־פאָדערט אַ געהיים־דרוק, האָבן נישט דערלויבט דאָס „לוקסוס״ פון אַרויסגעבן באַזונדערע אויפלאַגעס אין די מינדערהייטס־שפּראַכן (יידיש, אוקראַיניש און דייטש). יעדע אויסגאַבע, וואָס האָט נאָר געהאַט די אויפשריפט „אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישע פעדעראַציע אין פּוילן״ (א.פ.פ.), איז לויט דער מלוכה־קאָנסטיטוציע, אָן אונטערשיד

פון אינהאַלט, באַטראַכט געוואָרן ווי שטרענג פאַרבאָטן. אַזעלכע אויסגאַבעס זענען אויסגעפירט געוואָרן נאָר דורך פרימיטיוון סטענסל (קאָפיר)־דרוק. מיר האָבן געהאַט גענוג דרוקער־אַרבעטער אין אונדזערע רייען און גענוג רייך געווען צו קענען איינאָרדנען אַ געהעריקע מאָדערנע דרוקעריי, אָבער אַזעלכע, מיט אַ רוישיקער מאַשין, אויף אַ ברייטן פאַרנעם, איז אוממעגלעך געווען צו דערהאַלטן בסוד, און נישט אַזוי לייכט געווען איבערצוטראָגן פון איין אָרט אויף אַ צווייטן „אונטערן אָרעם", ווען נויטיק. די פוילישע פאָליציי זענען געווען גרעסערע מבינים אויף אונטערערדישע אונטערנעמונגען, ווי די צאַרישע „אָכראַנע". ביי דער מאַכט אין פוילן זענען דאַן געשטאַנען פיל פערזאָנען, וואָס האָבן הינטער זיך געהאַט אַ רייכע קאָנספּיראַטיווע פאַרגאַנגענהייט; טאַקע פילסודסקי אַליין האָט אַמאָל אָנגעפירט מיט אַ געהיימער דרוקעריי, בעת זיין טעטיקייט אין דער פ.פ.ס. אפילו די קאָמוניסטן, וועלכע האָבן דיספּאָנירט מיט אַ היפשער „אַרמיי" און רייכע געלטער פון ראַטנפאַרבאַנדישן מלוכה־אוצר, האָבן זייערע דרוק־אַרבעטן אויסגעפירט אין פריוואַטע דרוקערייען, צאָלנדיק לעגענדאַרע סומעס פאַרן מינדסטן פלוג־בלעטל; דרוקער־אייגנטימער, וועלכע ס'איז געלונגען אַ שטיקל צייט פאַר זיי „בשלום" אויסצופירן באַשטעלונגען, האָבן זיך געקויפט פיל־שטאָקיקע הייזער פאַר קאָמוניסטישע „טשערוואָנצעס". אונדזער באַוועגונג, וואָס האָט נישט געהאַט הינטער זיך אַזעלכע „אונטערשטיצער", וואָס קאָנטראָלירן די פראָדוקציע פון 190 מיליאָן מענטשן", האָבן מיט קונסט־דרוק נישט געקענט קאָנקורירן מיט די קאָמוניסטן; שוין אָפגערעדט, אַז מיר זענען געשטאַנען הינטערשטעליק מיט אונזער פאַרעלטערטער דרוקפאָרם לגבי די לעגאַלע רעפאָרם־סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן ביי יעדער געלעגנהייט געשאָטן מיט בלעטלעך. פאַר דאָס אָבער זענען אונדזערע קוים־לעזבאַרע בלעטלעך אויפגענומען געוואָרן פון די לעזער מיט מער פיעטעט; אָט די אָרעמקייט פון „פאָרם" האָט פאַר זיי עדות געזאָגט אויף דער אידעאישער ערנסטקייט און אָפערוויליקייט לטובת די אַרבעטער־אינטערעסן מצד די אַרויסגעבער. על־פי רוב זענען אונדזערע אויסגאַבן דערגאַנגען צום לייענער דירעקט דורך באַוווסטזיניקע חברים, וועלכע האָבן מיט זייער מינדלעכער אויפקלערונגס דערגאַנצט די ווייניקע שורות. מ'האָט אויף אונדזער „ליטעראַטור" נישט געטראָטן אין די גאַסן, ווי ס'איז אָפט געשען מיט אַנדערע שרייענדיקע, שיין־געדרוקטע בלעטער.

## ב

ביי דער „טרוקן"־טעכנישער אַרבעט אַרום דעם „פּאָוויעלאַטש" (קאָפּיר־מאַשינקע), האָבן געאַרבעט אונדזערע בעסטע און פּאַראַנט־וואָרטלעכסטע חברים. אין דעם פֿאַל איז אונדזער באַוועגונג געווען אַן אויסנאַם, ווו ס'האָט נישט עקזיסטירט קיין גרופּן־אַרבעטס־פֿאַר־טיילונג לויט „אינטעליגענץ־באַזיץ", ווי ס'איז פּראַקטיצירט געוואָרן אין די אַנדערע סאָציאַליסטישע גרופּירונגען (בפֿרט ביי די קאָמו־ניסטן, ווו דאס היעראַרכישע סיסטעם האָט געהערשט אין פֿולער קראַפֿט). דאָס פּאַפּיר־שניידן, פּאַרב־שמירן, דרוקן, נייען און אַלע אַנדערע „שוואַרצע" אַרבעטן, זענען אָפֿט אויסגעפֿירט געוואָרן דורך אונדזערע וועלטפּולסטע פּראָפּאַגאַנדיסטן, רעפֿערענטן און אויך שריי־בער און רעדאַקטאָרן פֿון די אויסגאַבן גופא. דאָס באַטייליקן זיך אין דער דאָזיקער אינטערנעמונג, וואָס האָט געדראָט מיט לאַנגע יאָרן תּפֿיסה, איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַן ערן־אויפֿגאַבע. אַזעלכע חברים ווי דער „הויכער העניעק", „יאַנקע", „וואָוועק" (ראָסינער), „ראַכעלאַ" (רובינשטיין — אומגעקומען אין ראַטנפּאַרבאַנד 1943), „מאַרילאַ"* און פֿילע אַנדערע האָבן באַוויזן מיט זייער איבערגעגעבנ־קייט צו דער באַוועגונג, אַז דעם צוטרוי און כּבֿוד האָבן זיי פֿאַרדינט.

* מאַרילאַ הוזאַרסקאַ־האָפּמאַן — האָט איבערגעלעבט די קריגס־צייט אין סאָוויעטישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, שפּעטער זיך באַזעצט אין פּאַריז, ווו זי איז נאָך לאַנגע און שווערע ליידן געשטאָרבן דעם 29.2.1952; דערווייסנ־דיק זיך וועגן איר טויט, האָט די ח' „מאַכנאַ" (פֿון דעם שוועסטער־פּירלינג אין דער באַוועגונג: אסתּר—מאַכנאַ—ראָזאַ—פֿרידאַ), געשריבן: „איך גע־דענק זי פֿון וואַרשע 1930. אין די קאַלטע ווינטער־אָוונטן פֿלעגט זי קומען פֿון פּראַגע (פֿאָרשטאָט נעבן וואַרשע) אין שטאָט אַריין אויף פֿאַרזאַמלונגען און זיצונגען; געווען פֿאַרטרויונגס־מענטש פֿון דער גרופּע, געשאַפֿן יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פֿאַר שול־קינדער, זינט דער צייט ווען זי איז נאָך אַליין געווען אַ שול־מיידל, געלייענט און דיסקוטירט. ביי דער אומלעגאַלער צייטונג („וואָלקאַ קלאַס"), געדרוקט אויף אַ קליינער מאַשינקע — האָט אונדזער מאַרילאַ טאַקע געאַרבעט אַ לאַנגע צייט. די אַרבעט האָט געפֿאָדערט אחריות, פּינקטלעכקייט און ערנסט; מאַרילאַ האָט באַזיצט די דאָזיקע אייגנשאַפֿטן אין אַ גרויסער מאָס, שטענדיק מיט אַ שמייכל אויפֿן ליבן געזיכט און מיט אַ פֿריינדלעכן וואָרט צו יעדן איינעם" — — — די חברים, וואָס זענען געווען ביי מאַרילאַס פֿאַרמאַכן די אויגן אויף אייביק האָבן פֿאַרצייכנט איר קורצע צוואה: „זאָגט די חברים — שטיצן דאָס געשריבענע וואָרט, דעם פֿרייען געדאַנק", — אַ ווונטש, וואָס זי אַליין האָט אים געווידמעט אירע בעסטע יאָרן און ער איז געווען איר לעבנס־אינהאַלט.

18

## „וואַלקאַ קלאַס“

א

דער צענטראַלער פּונקט פון דער טעכנישער אַרבעט איז געווען דאָס דרוקן און פאַרשפּרייטן דעם באַוועגונגס־אָרגאַן „וואַלקאַ קלאַס“ (דערשינען חודשלעך, כמעט סטאַביל). אין איינקלאַנג מיטן נאָמען (קלאַסן־קאַמף) איז די שריפט געווידמעט געוואָרן די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אַרבעטער־פּראָבלעמען. דער באַקונין־גייסט האָט אַרויסגעשיינט פון יעדער שורה, אויסער דירעקטע ציטאַטן און געדאַנקען פון זיינע ווערק, וואָס האָבן אין יעדן נומער פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט. אַלס רעוואָלוציאָנערן מעטאָד איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן דער גענעראַל־סטרייק. ס׳איז כדאי אָבער גלייך צו באַמערקן, אַז די אַרבעטערשאַפט און פויערטום אין פוילן איז נאָך דאַן ווייט געווען פון צו זיין פעסט אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפטן און דער לאָזונג האָט אויסגעזען, יעדנפאַלס פאַר מער באַוווסטזיניקע, ווי אַ צוקונפטס־זאַך. דאַקעגן זענען אין דער „וואַלקאַ קלאַס“ אַרויסגעברענגט געוואָרן געלונגענע לאָזונגען און אָנווייזונגען בנוגע דער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק אינערהאַלב די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען; דער סינדיקאַליסטישער איבערפּאַרטייאישער צוגאַנג האָט געריעדט צום האַרץ פון יעדן אַרבעטער, וואָס איז נאָר נישט געווען צעפּרעסן פון פּאַרטיי־באַצילן. אין אַלע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, יידישע ווי פּוילישע, האָבן די רעדל־פירער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ היעראַרכיע, וואָס האָט קודם־כל געזאָרגט פאַר זייערע פּאַרטיי־אינטערעסן. ס׳פלעגט אָפט געשען, אַז פאַר איין אַלגעמיינער עקאָנאָמישער פאָדערונג, זענען גערופן געוואָרן שטרייקן אין באַזונדערע דאַטומס צוליב פּאַרטייאישע פּרעסטיזש־פראַגן, וואָס האָט נאָר דעמאָנסטרירט די צעשפּליטערונג פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט. דאָס „טובות“ טאָן „אייגענע“ מענטשן, אויפן חשבון פון סתם־מיטגלידער אָדער פּאַרטיי־מינדערהייטן, ביים פאַרזאָרגן מיט אַ גוטן אַרבעטס־פּלאַץ, איז געוואָרן אַ טעגלעכע דערשיינונג. ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די מיטגלידערשאַפט האָבן אָנגעהויבן שלום־מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דער פאַריין — דאָס איז די פּאַרטיי; ס׳איז נאָר די פראַגע וועלכעס שלעכטס (פּאַרטיי) אויסצוקלייבן. דער

לאָזונג, אַז „דאָס באַפרייען פון די אַרבעטער איז די אויפגאַבע פון זיי גופא" — האָט באַקומען אַן אַקטועלן זינען. דער באַגריף דירעקטע אַקציע, דער קאַמף פאַר ווערן די בעלי־בתּים פון דער פּראָדוקציע און פּראָדוציר־מיטלען — האָט אָנגערעגט די אַרבעטער, קודם־כל צו ווערן די בעלי־בתּים אין זייערע אָרגאַניזאַציעס. די „וואָלקאַ קלאַס" איז דעריבער מיט היפּשן דערפאָלג געלייענט געוואָרן דורך דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט; זי איז אָבער אויך אַריינגעדרונגען און געהאַט אַן איינפלוס אויסער די ראַמען פון אַרבעטער־קרייזן, בעיקר צווישן די שטודירנדיקע יוגנט, וועלכע האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט סאָציאַלע פּראָבלעמען. אפילו די, וואָס האָבן זיך שוין געהאַט אָנגעפּראַפּט מיט פיל בענדער פון דער אַנאַרכיסטישער ליטעראַטור, זיך אַרומגעטראָגן מיט „סימפּאַטיעס" צו וועלכע ס'זאָל נישט זיין ריכטונג אין פרייהייטלעכן סאָציאַליזם, האָבן מיט פיעטעט אַריינגעקוקט אין די אָרעמע מאַשין־שריפט בלעטלעך. די קורצע קאָמענטאַרן און באַמערקונגען וועגן די פּאָליטישע „לעבעדיקע" דערשיינונגען, די אינפאָרמאַציעס פון דער אַנאַרכיסטישער וועלט — האָט פאַר זיי געלייגט אַ בריק צווישן טעאָריע און פּראַקטיק; געמאָנט צו ווערן די באַשטימער פון זייער גורל, נישט נאָר אין געדאַנקען־גריבלעניש, נאָר אויך מיט מעשים.

ב

די אויפקלערונגס־אַרבעט פון דער סינדיקאַליסטישער באַוועגונג איז בעיקר באַשטאַנען אין וועקן דעם קלאַסן־באַוווסטזיין און אָנווייזן אויף די אויפגאַבן פון די אַרבעטער און פויערים אין קאַמף פאַר פאַרבעסערן זייער מצב און דערגרייכן דעם ענדגילטיק סאָציאַלן איבערבוי פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס דערקלערן דעם פעדעראַליזם אַלס נויטווענדיקייט פאַר דער רעוואָלוציאָנערער קלאַסן־אָרגאַניזאַציע און אויך פאַרן יסוד פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן, האָט געהערט צו די שווערסטע אויפגאַבן פאַר די רעפערענטן און בפרט פּראָפּאַגאַנדיסטן אין „גאַס". די לאָזונגען פון „אונטן אַרויף", „קעגן צענטראַליזם", „די מאַסע אַליין דאַרף זיין דער באַשטימער" אא"וו, זענען געפאַלן אויף טויבע אויערן, קודם־כל פון די צוהערער, וואָס זענען געקומענע פון די סאָציאַל דעמאָקראַטישע רייען. כדאי צו באַמערקן, אַז אין די הערשנדיקע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען („בונד", פּ.פּ.ס.) האָבן אין טעגלעכער פּראַקטיק,

אינערהאַלב זייערע אָרגאַניזאַציעס, געהערשט אין דער גאַנצער ברייט דאָס צענטראַליזאַציע־סיסטעם. די צענטראַל־קאָמיטעטן האָבן קאָנצענטרירט אין זייערע הענט די גאַנצע מאַכט; מ'האָט געהערט פיל פאַרביטערונג און אַנטוישונג פון דעם שטייפן צענטראַליזם אין יענע פאַרטיי־ראַמען (בפרט פון די עלטערע אַרבעטער, וועלכע האָבן נאָך גוט געדענקט די פרייהייטס־צוזאָגן פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַגרינדער אין יענער ראָמאַנטישער עפּאָכע). אָבער, אַדאַנק דעם עקזיסטירנדיקן ברייטן רעכט אויף אינערלעכער קריטיק (אויסער ביי די קאָמוניסטן, פאַרשטייט זיך) און דעם מערהייטס־פּרינציפּ, האָט פאַר פילע דער צענטראַליזם אויסגעזען ווי אַ „נויטווענדיקע צרה". אין הסכם מיט זייער פאַרשטעלונג, אַז פאַרן דורכזעצן דעם סאָציאַליזם אין לעבן איז נייטיק דער שטאַט־אַפּאַראַט און דעמאָקראַטישער צוואַנג, האָבן זיי שלום געמאַכט מיטן גורל אָנצונעמען פאַר גוט „פעסטע דיסציפּלין" אין די קאַמפּס־רייען פאַרן דערגרייכן די פּאַרלאַמענטאַרישע מערהייט". אונזער אידעע האָט זיי זייער אימפּאָנירט, אָבער איבערגעלאָזט ספיקות בנוגע איר „פּראַקטישקייט". ס'זענען אָפט געשטעלט געוואָרן די אונז באַקאַנטע פראַגן: „אויב איר זייט קעגן יעדן צוואַנג (שטאַט), ווער וועט טאָן די שווערע אַרבעטן" אאַ"וו. אין אַזעלכע פאַלן האָט מען געמוזט אָנקומען צו ברייטערע אויפקלערונגען וועגן אַנאַרכיסטישן וועלט־באַנעם, זיין בליק אויף מענטשן, און אַז דער „פּראַקטישער" און „קורצוועגיקער" צענטראַליסטישער דרך פירט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג פונם אַנאַרכיסטישן ציל. פאַרשטענדלעך, אַז נישט איינמאָל איז בעת אַזעלכע ברייטערע שמועסן אויסגעקומען זיך צו פאַרטשעפּן מיטן „פילאָזאָפישן אַנאַרכיזם".

ג

זיצנדיק אַזוי אין געהיימע אויפקלערונגס־קרייזלעך, ערגעץ אין אַן אָרעם אַרבעטער־שטיבל, זאַלבע 12—10 אויף „האַלבע בענקלעך", פאַרטיפט טיילמאָל אין גאַנץ אַבסטראַקטע טעמעס, וואָס פאַסן גיכער פאַר אַן אוניווערסיטעטס־לעקציע, ווי פאַר רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע, איז נישט איינמאָל ביי מיר אַנטשטאַנען די פראַגע: צי לוינט זיך צו זיצן דאָ אין ענגשאַפט, מיט פחד־אַנגסט בעת דעם מינדסטן קלאַפּ אין דער טיר (פון אָנקומענדיקע פּאָליציי־אַגענטן), כדי צו באַהאַנדלען אַזעלכע פּראָבלעמען, וואָס ווערן עפנטלעך אַרומ־

גערעדט אין גרויסע ליכטיקע שול־זאַלן? איז דען נישט פּראַקטישער צו זאָגן: חברה גייט לערנט פון די פּיל געשריבענע ביכער? — כ'האָב זיך אָבער אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז די וועלכע געוועלטיקן איבער די ערדישע רייכטימער האָבן נישט פאַרגעסן אויסצובוייטערן זייער ממשלה אויך אין די אָפּאַרטאַמענטן פון אַבסטראַקטע וויסנשאַפטן, און דאָס אַרונטעררייסן זיי, אָפּזוכן דעם **פ ר י י ע ן ג ע ד אַ נ ק** איז אַן אומטייל־באַרע אויפגאַבע פון אַ פרייהייטס־קעמפער.

אַ באַזונדערן עלעמענט האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די געקור־מענע פון קאָמוניסטישן חדר. פאַר זיי איז אונדזער **פ ע ד ע ר אַ ־ ל י ס ט י ש ע ר** צוגאַנג צו געזעלשאַפטלעכע פּראַגן געווען דער סאַמע אימפּאָנירנדיקער פּונקט. דעם ביטערן טעם פון צענטראַליזאַציע־רעזשים האָבן זיי שוין געהאַט דערפילט אויף אייגענע ביינער, אין די רייען פון „דיקטאַטור איבער דיקטאַטאָרן" (יעדער „קעמערל־פירער" — האָט געטראָגן דעם טיטול „קאָמיסאַר"). אָפּט זענען דאָס געווען יונגעלייט, וואָס צוליב זייער נייגונג צו זעלבסטשטענדיקן דענקען, זענען זיי געשטרויכלט געוואָרן אין די „קעמערלעך" מיט דיסציפּלין־ברוך, דורך דערלויבן זיך קריטיק בנוגע דער אַלגעמיינער פּאַרטיי־ליניע. נישט איינער האָט אונדז אָפּגעזוכט, ווייל דער „קאָמי־סאַר", ביים אויסשליסן פון די פּראָלעטאַרישע רייען, האָט אים גע־שטעמפּלט אַלס **אַ נ אַ ר כ י ס ט**, און ס'איז אַנטשטאַנען ביי אַזעלכן די שטרעבונג צו ווערן וואָס **ע ר א י ז**.

## 19

## „היסטאָרישע געזעצן"

**א** גאָר וויכטיקן אָרט אין דער באַוועגונגס־פּראָפּאַגאַנדע האָט פאַר־נומען דאָס אָפּוואַרפן דעם גלויבן אין די „היסטאָרישע געזעצן", וואָס פירן צו דער רעוואָלוציע — דער בשותּפותדיקער פאַלשער משיחיזם, וואָס האָט זיך טיף איינגעוואָרצלט אין אַלע מאַרקסיס־טישע ריכטונגען, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער אַרבעטער־גאַס. אַ יוגנטלעכער, וואָס האָט אַנגעהויבן קומען אין אונדזערע רייען האָט זיך גיך איבערצייגט, אַז די אַנטיאויטאָריטערע באַוועגונג זוכט נישט קיין צושטימונג אָדער געהאָרכזאַמקייט, נאָר זעלבסטבאַשטימונג פון יעדן מיטגליד אירן באַזונדער. די ברייטע דיסקוסיעס אין די גרופּן ביים דעצידירן וועגן יעדער טעטיקייטס־

אויפגאַבע, אָדער שטעלונג צו פּאָליטישע פראַגן פון דער באַוועגונג, האָט געוועקט ביי די חברים דעם אינטערעס צו באַקענען זיך מיט פיל פּראָבלעמען, בכדי צו קענען לאָזן הערן זייער וואָרט אין דעצי־דירנדיקע מאָמענטן. דער דורשט צו וויסן, צו טעאָרעטישער פאַר־טיפונג אין אונזער אידעאָלאָגיע, איז געוועזן דער פּאָזיטיווסטער שטריך פון דער באַוועגונג. כמעט אַלע חברים האָבן געהערט צו זעלבסטבילדונגס־קרייזן, טאַקע אָרגאַניזירט „פון אונטן"; אַליין זיך איינגעטיילט אין גרופּעס, אָפט פאַר באַשטימטע, געמיינזאַם־פאַר־אינטערעסירטע טעמעס, און אָפגעזוכט פּאַסיקע פרעליגענטן. אַזעלכע „פונקטן" האָבן אויך געדינט פאַר צוציען נייע חברים, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אינטערעס פאַר אונזער באַוועגונג, אָבער נאָכנישט „געווען גאַנץ מיט זיך" אַריינצוטרעטן אין אונזערע רייען. ס'פלעגן אַמאָל אויך קומען „אָפיציעל אַנגעהעריקע" צו אַנדערע ריכטונגען, בכדי צו הערן וואָס האָבן מיר צו זאָגן. כאַראַקטעריסטיש, אַז ביים לערנען דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם און מאַרקסיזם, — ממש פון שולחן־ערוך אַרויס — קאַוטסקין, בוכאַרינען (ער איז פון די קאָמו־ניסטן דאַן באַטראַכט געוואָרן אַלס „גאָט") און דעם הייליקן מאַרקס — זענען די סאַמע פייערדיקסטע קעגן־אַטאַקעס געקומען גראָד פון די אָנוועזנדיקע „מאַרקסיסטן". בעת אַזעלכע פאַלן בין איך געקומען צום אויספיר, אַז די בעסטע אַנטי־מאַרקסיסטישע פּראָפּאַגאַנדע שטעלט צו דאָס לערנען גרינטלעך די בעסטע מאַרקסיסטישע ליטעראַ־טור. וואָס מער ס'איז מיר געלונגען אויף אַ פּאָפּולערן אופן צו באַגרינדן די „אייזערנע עקאָנאָמישע געזעצן", די „ראָל פון פּראָ־לעטאַריאַט אַלס געווינערין" — אַלץ שטאַרקער איז געקומען דער ווידערשטאַנד פון די „מאַרקסיסטישע געסט". זייערע רעוואָלוציאָנערע געפילן האָבן אויפגעברויזט קעגן דער „מאַרקסיסטישער לאָגיק", וואָס איז אין די פּאַרטייאישע בראָשורן — „פאַר די מאַסן" — געווען אַרומגעהילט מיט צוגעטראַכטע פראַזן.

ווי דער שטייגער איז אין אַן אַרבעטער־סביבה, זענען מערסטנס די בילדונגס־קרייזלעך זיך צונויפגעקומען אין די רו־טעג, שבת און זונטאָג. ס'איז דעריבער נישט אַזוי לייכט געווען די אויפגאַבע פון די, וועלכע האָבן זיך געווידמעט דער רעפערענטן־אַרבעט; אין די געציילטע שעהן איז אויסגעקומען צו באַזוכן 5—6 גרופּן, אין פאַר־שידענע פלעצער. קיין „איינחזרן זיך דרשות" האָט נישט געגאָלטן, די אָנטיילנעמער גופא פלעגן אַרויסרוקן די טעמעס. פאַרהאָרעוועטע

מענטשן, וועלכע האָבן נישט קיין מעגלעכקייטן פאַר אָפטע פאַר־טראַכטונגען, פאַרוואַרפן אָפט מיט אַ שלל פראַגן, צענויפמישנדיק פאַרשידענע געביטן, דווקא בעתן אויפקלערן זיי איין ענין. די שווערסטע צוהערער זענען, דוכט זיך מיר, די „סטודענטן פאַר איין שעה"; לעקציעס איבער איין געביט רעגן זיי צו דענקן איבער אַזויפיל פראָבלעמען, וואָס פאָדערן אַ לעבן־לאַנגן שטודיום צו גע־פינען ענטפערס כאָטש אויף אַ טייל פון זיי. דער פאַרדינסט פון די זעלבסט־בילדונגס קרייזן איז טאַקע באַשטאַנען דערין, איבער די ראַמען פון די דירעקטע אויפקלערונגס־דערגרייכונגען, וואָס זיי האָבן געוועקט דעם אינטערעס צו פאַרטיפן זיך, זוכן לעזונגען און פילע פון יענע זענען פאַרבליבן „אייביקע סטודענטן" אין לעבנס־אוניווערזיטעט.

אויב אין די אַמאָליקע יאָרן האָט די הויפט־ראָל אין באַוועגונגס־טעטיקייט פאַרנומען דער „פּראָפּאַגאַנדיסט", מיט פּאַרטיקע לאָזונגען, „צוקונפטס־זאָרגן", האָט זיך שוין אין יענער צייט געפאָדערט אַ מער זאַכלעכער צוגאַנג. ליידער זענען מיר אין דעם געביט געשטאַנען אַביסל הינטערשטעליק. די צאָל רעפערענטן איז, פאַרהעלטניסמעסיק, געוועזן קליין. אַ געוויסן בלויז האָבן אויסגעפילט חברים פון „אַלטנס" חדר. אָט די האָבן זיך נאָר פאַרנומען מיט אַלגעמיינער אַנאַרכיסטישער און אויך קולטור־וויסנשאַפטלעכער טעמאַטיק; די אַקטועל־פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציע פּראָבלעמען האָבן באַלויכטן, אין די ראַמען פון דורך דער באַוועגונג אָרגאַניזירטע גרופּן, די „אַבסאָלווענטן" פון די לעקטאָרן־קרייזן, וועלכע זענען צוגעגרייט געוואָרן פאַר דער אַרבעט דורך דער פעדעראַציע. אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט איז געשאָנקען געוואָרן פאַרן אָפקלויבן די בעסטע רעפערענטן־כוחות פאַר די סטודענטישע קרייזן; די אַרבעט איז אָפט געפאַלן אויף די חברים פון סעקרעטאַריאַט גופא. ס'איז ווערט צו פאַרצייכענען, אַז אין עטלעכע הויכע לערן־אַנשטאַלטן זענען מיט דער צייט אַנטשטאַנען גוט אָרגאַניזירטע סינדיקאַליסטישע גרופּן.

פון די „אַקאַדעמישע" רעפערענטן איז אויך געוועזן די הויך־געבילדעטע „האַלינאַ" *, וועלכע האָט פיל געגעבן פון איר וויסן

---

* האַלינאַ סלאָוויק־לעוו און איר מאַן שלאָמקע, האָבן בעת דער אַנט־שטייאונג פון געטאָ געהאַט די מעגלעכקייטן, צוליב זייער אויסלעבן זיך אין דער פוילישער אינטעלעקטועלער סביבה, צו בלייבן אויף דער „אַרישער

די אַרבעטער־גרופּן. זי איז געוואָרן פֿאַרערט פֿון אירע צוהערער אַלס מוסטער־פּערזענלעכקייט. האַלינאַ איז געווען אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן, אָבער פֿול מיט אידעאישן יוגנט־שווּנג; זי האָט זיך באַצויגן צו אירע „שילער" מיט מוטערלעכער וואַרעמקייט. איר פּריוואַט־לעבן — אַ קולטור׳על און סימפּאַטיש פֿאַמיליע־ווינקל (אויך איר מאַן, שלאָמקע, אַ גייסטרייכער און גוטמוטיקער מענטש, געווען אַ פּריינט פֿון דער באַוועגונג) — איז צוליב איר אוממיטלבאַרער פּריינטשאַפֿט בּישט געווען אַזוי שטאַרק „באַהאַלטן" הינטער דעם קאָנספּיראַציע פֿאָרהאַנג; די תּלמידים זענען געקומען דאָרט אָפט צו גאַסט און זייער אידילישע שטוב איז געוואָרן פֿאַר די יונגע חבֿרה, אַ ביישפּיל פֿון האַרמאָנישן צוזאַמענלעבן.

## 20

## אין „אייגענער דאַך"

### א

דער איינציקער לעגאַלער טרעף־פּונקט, אונטער אַן „אייגענעם דאַך" אין וואַרשע, איז אַ צייט (1930—33) געווען דער לאָקאַל פֿון ספּאָרט־קלוב „ביעגון" (פֿראַנצישקאַנער), וואָס איז געגרינדעט און אויסגעהאַלטן געוואָרן פֿון דער באַוועגונג. פֿון די צוויי קליינע צימערלעך איז איינס כמעט געווען פֿאַרפֿולט מיט דעם פּינג־פּאָנג־טיש, דער איינציקער „רעפּרעזענטאַטיווער" ספּאָרט־מכשיר פֿונם קלוב, אַרום וועלכן יוגנטלעכע פֿון דער אַרומיקער יידישער אָרעמ־קייט האָבן טומלדיק פֿאַרשפּילט זייערע פֿרייע אָוונט־שעהן. אָט די זענען עס געווען די אָפּיציעלע קלוב־מיטגלידער. אינם צווייטן צימערל האָבן כמעט אַלע מאָל, בפֿרט אין די פֿרייטיק־און שבת־צונאַכטסן, זיך פֿאַרזאַמלט אונדזערע חבֿרים און חבֿרטעס. גאָר ווייניקע פֿון זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַ „ליידנשאַפֿט" צו ספּאָרט (דאָס גלייכן די פֿאַרוואַלטער פֿון קלוב).

דאָס איז געווען אַ שטיקל אָרגאַניזאַציע־היים, ווו מ׳האָט שטענ־

---

זייט"; זיי האָבן אָבער בעסער אויסגעקליבן צו ליידן און קעמפן צוזאַמען מיט די נידערגעשלאָגענע. פֿאַרנומען זיך מיט סאָציאַלער הילף פֿאַר די געטאָ־איינוווינער און צוזאַמען מיט זיי אומגעקומען.

דיק געקענט טרעפן אייגענע, ברענגען אַ „גאַסט" בכדי דורכצודיס־קוטירן, צו פֿאַרבינדן באַקאַנטשאַפֿט און אויך צום דערליידיקן באַוועגונגס־פֿאַרבינדלערישע אויפֿגאַבן. אין אָפּרו צייט צווישן איין פֿינג־פּאָנג פּאַרטיע און דער צווייטער האָבן זיך אויך אַריינגעכאַפּט ווער פֿון די ספּאָרטלער צו הערן אַ „פּאָליטישע פֿאָר ווערטער" (אַ טייל פֿון זיי האָבן אפֿילו געוווּסט דעם פּאָליטישן, ד"ה אַנאַר־כיסטישן „אונטערשלאַק" פֿונם קלוב). אונדזערע חברים פֿלעגן גערן אָט די יוגנטלעכע אַריינציִען אין שמועסן און פֿירן צווישן זיי אַן אויפֿקלערונגס־אַרבעט, וואָס איז אייגנטלעך געווען איינע פֿון די ציִלן ביים אָרגאַניזירן דעם קלוב. דאָס געוועזענע קיך־שטיבל פֿון דער דירה האָט געדינט אַלס סעקרעטאַריאַט, ווו אַרום דעם קליינעם שרייב־טיש האָבן דיזשורירט די פֿאַרוואַלטונגס־מיטגלידער וואָוועק, עוואַ, פּיניע, משהל זעלנער, דאָראַ* און אַנדערע טעטיקע חברים פֿון דער באַוועגונג (דאָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן אַלס חסרון צוליבן ציִען די פּאָליציייִשע אויפֿמערקזאַמקייט אויפֿן קלוב). דאָרט איז געפֿירט געוואָרן אַ טאָפּעלטע בוכהאַלטעריע: ס פּ אָ ר ט און א י ד ע ע. אין דער אָפֿיציעלער בוכפֿירונג זענען נאָר געווען נאָטירט די מיטגלידער, וואָס זענען געקומען פֿון גאַס, אָפּט לכתחילה נישט־וויסנדיק דעם אידעאישן גרונט פֿון קלוב. אָט די האָבן פֿון דער פֿאַרוואַלטונג געפֿאָדערט, וואָס מער ספּאָרט־אַטראַקציעס. ס'זענען טאַקע געמאַכט געוואָרן אַלע אָנשטרענגונגען צו געבן דעם קלוב אַ ספּאָרטישן אינהאַלט, בכדי אַריינצוציִען אַ גרעסערן יוגנט־קרייז. אויף דעם געביט איז אָבער דער דערפֿאָלג געווען אַן אומבאַדייטנ־דיקער, בפֿרט אין פֿאַרגלייך מיט די גוט אַנטוויקלטע אַרבעטער ספּאָרט־קלובן פֿון די לעגאַלע פּאַרטייען. דאַקעגן אויפֿן קולטור־געביט איז פֿיל געטון געוואָרן, לטובֿת דער דאָפּלטער מיטגלידערשאַפֿט; ס'האָבן דערפֿון גענאָסן סיי די ספּאָרט־יוגנטלעכע און סיי אונדזערע חברים גופֿא. אַ דאַנק דער געמיינזאַמער צוזאַמענטרעפֿונג אויף אויס־פֿלוגן, אין דעם אָרגאַניזירטן דראַמע־קרייז, און אַנדערע קולטור־אונטערנעמונגען, זענען פֿיל „ספּאָרטלער" באַאיינפֿלוסט געוואָרן אויך פֿון אונזער אידעאישן באַנעם, און טייל זענען שפּעטער געוואָרן סימפּאַטיקער פֿון דער באַוועגונג און אויך טעטיקע מיטגלידער.

---

* דאָראַ רובינשטיין, די שוועסטער פֿון „ראַכעלאַ" — אומגעקומען אין געטאָ פֿון הונגער.

די גוטע רעזולטאַטן פון דער אַרבעט וואָלטן זיכער געווען פיל גרעסער ווען ניט דאָס, וואָס דער ערשטער טריט פאַר לעגאַלער געזעלשאַפטלעך־דערציִערישער טעטיקייט איז געמאַכט געוואָרן צווישן גאָר אַ שווערן עלעמענט. ס׳רוב „ספּאָרטלער״ האָבן זיך רע־קרוטירט פון די אַזויגערופענע „ווילדע קינדער״, וואָס האָבן פרי פאַרלאָזט די שולעס אָדער זיי זענען געווען תלמידים פון אָפּגעשטאַ־נענעם „חדר״; די אַביסל עלטערע זענען נאָר וואָס אַריין אין די אַרבעטער־האַלאַביעס, פאַרנומען די ראָל פון „לערן ייִנגלעך״ אין די קליינע ייִדישע וואַרשטאַטן, וועמען דער פּראָלעטאַרישער באַוווּסט־זיין איז נאָך געווען פרעמד. פאַר די אָרגאַניזאַציע־צוועקן איז דער קלוב געווען אַ דערגרייכונג; ס׳איז געווען אַ געוויסער „אַדרעס״, ווו ס׳האָט געקענט צונויפקומען זיך אַ גרעסערע צאָל חברים, מ׳האָט געקענט איינאָרדענען רעפעראַטן איבער „לעגאַלע״ טעמעס און עס האָט געדינט ווי אַ קאָנצענטראַציע־אָרט פאַרן טרעפן זיך אין אַן אַנאַרכיסטישער סביבה.

מחמת אַ מיספאַרשטענדעניש מיטן חבר איוף וועמענס נאָמען די לעגאַליזאַציע פאַרן קלוב איז באַקומען געוואָרן און צופיל „געשאַנ־קענער״ פּאָליציייִשער אויפמערקזאַמקייט, האָט די באַוועגונג באַ־שלאָסן צו ליקווידירן דעם קלוב. ס׳האָבן דאַן געמאַכט אַ פּרוּוו איבערצונעמען די לייטונג אַ גרופּע יונגע חברים פון „אַלטנס מענטשן״, וועלכע זענען געווען ווייניקער קאָמפּראָמיטירט אין די „שפּיצלדיקע אויגן״. בעתן איבערגאַנג צו די נייע פּאַרוואַלטער איז נאָר געווען איין מיטגלידערשאַפט — די „ספּאָרטלער״; אונזערע חברים האָבן מער ניט באַזוכט דעם קלוב. די פרישע „באַלעבאַטים״ האָבן זיך באַמיט שפּילן די ראָל פון „אומפּאַרטייִישע״ און די גאַנצע אַרבעט אָפּגעגעבן דעם קולטורעל־דערציִערישן מאָמענט. די ענינים פון ספּאָרט זיינען איבערגעגעבן געוואָרן די ספּאָרטלער גופא; די חברים האָבן זיך באַמיט איינצופירן אַנאַרכיסטישע געזעל־שאַפטס־פאָרמען אין דעם פרימיטיוון קאָלעקטיוו — פרייוויליקייט און טאָלעראַנץ אַנשטאָט מערהייטס־פּרינציפּ — ביי די סאַמע קליינ־לעכסטע פראַגן. כאַראַקטעריסטיש, אַז די „נייעס״ האָט די יוגנט מער אימפּאָנירט ווי רעפעראַטן איבערן „סאָציאַלן איבערבוי״.

די פּאָר אידעאישע חברים, וועלכע האָבן זיך דאָרט גערופן מיט אַזעלכע טאָטערישע נעמען ווי דער „שוואַרצער״ (שמחה), „פּייקאַזש״ (אל), „קליינער יאָסל״ (יוסף) זענען ביי דער יוגנט זייער באַליבט

געוואָרן. די קולטור־אַרבעט האָט אויך אַרומגענומען אַזאַ געביט ווי לערנען שרייבן די פּאָר אַנאַלפאַבעטן. לאַנגזאַם האָבן זיך גענומען אויסטיילן קלענערע גרופּן, נאָך פּערזענלעכע שמועסן און אינטימער באַקענונג, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו הערן לעקציעס איבער סאָציאַלע פראַגן. דעם אַנאַרכיזם האָבן די דערמאָנטע חברים פאַר זיי אויפגעקלערט אין אַ מער „ראָמאַנטישן" ליכט, ענלע־כער אין צוגאַנג אויף די אַמאָליקע „גייער אין פאָלק", ווי אויף דער דירעקטער קלאַסן־קאַמפערישער פּראָפּאַגאַנדע פון די פריערדיקע קלוב־טוער — די אָרטאָדאָקסאַלע סינדיקאַליסטן. דאָס מאָלן מעגלעכע גרויסע צוקונפט־דערגרייכונגען האָט מער גערעדט צו דער ברויזנ־דיקער יוגנט, ווי די פּראַקטישע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע ענינים.

מיין מיטאַרבעט אינם קלוב „אונטער דער נייער פאַרוואַלטונג" (אָנ־געהאַלטן אַ קנאַפּן יאָר) האָט מיר איבערגעלאָזט דעם איינדרוק, אַז גראָד „אָפּגעשטאַנענע עלעמענטן" האָבן אַ נייגונג צו ג ר ו י ס ע אידעען, קענען מיטגעריסן ווערן פון דערהויבענע שטרעבונגען; דער תלמודישער זאָג „הזהרו בבני עניים שמהם תצא תורה" — האָט פאַר מיר באַקומען אַ נייעם טייטש. מ'דאַרף נאָר וועקן זייער אויפ־מערקזאַמקייט און געפינען לייכט פאַרשטענדלעכע פאָרמולירונגען און די ווייטסטע צילן קענען זיי ווערן באָענט. פיל פון די „ספּאָרטלער" האָב איך שפּעטער געקענט אַלס דערוואַקסענע און ערנסטע מענטשן, וועלכע האָבן גוט געדענקט אונדזער איינפלוס און געדאַנקט אונדז דערפאַר. אויך פון דער „שולע" זענען געווען אַזעלכע וואָס זענען געוואָרן חברים אין דער באַוועגונג.ליידער האָט אויך די מער „פאַר־מאַסקירטע" אַרבעט, שוין אָן דער באַטייליקונג פון „קאָמפּראָמיטיר־טע", דירעקטע אַקטיווע באַוועגונגס־חברים, געמוזט איבערגעריסן ווערן צוליב די אָפטע באַזוכן פון פּאָליציי־לייט, וואָס האָבן זיך גע־נומען צופיל אינטערעסירן מיט די צילן פון דער „נייער" פאַרוואַל־טונג. הגם זעלטענער, דאָך זענען אויך איצט איינגעאָרדנט געוואָרן עפנטלעכע רעפעראַטן, וואָס זענען באַזוכט געוואָרן פון אונדזערע חברים און חברטעס, וואָס די פּאָליציי האָט זיי געקענט פון זייער „גאַסן"־טעטיקייט. די פּאָליציי איז געקומען צום שלוס, אַז ס'איז דער זעלבער אַנאַרכיסטישער קלוב, נאָר מיט אַ שלייער. און מיר זענען געצוווּנגען געווען צו פאַרלאָזן דעם אייגענעם דאַך.

ב

אין יענער צייט האָב איך זיך באַקענט מיט צוויי באַוועגונגס־פריינד, טאַקע צווישן די קלוב־ווענט, פון וועלכע ס'האָבן אַראָפּגע־שריגן רויט־שוואַרצע אויפשריפטן: „אַ געזונטער גייסט — אין אַ געזונטן קערפּער". דער העלפאַנטיש־אַטלעטישער „סראָלעק", אָדער „דאָס קינד" — ווי מ'האָט אים אָפּטער גערופן — האָט זיך וויניק אויסגעצייכנט אויפן געביט פון גייסטיקער אויפנעמבאַרקייט. בעת ערנסטע שמועסן און דיסקוסיעס, האָט ער זיך פאַרהאַלטן ווי גלייכ־גילטיק; אַן אינערלעכער אומעט פון מינדערווערטיקייט האָט אים אָפּגענומען דעם גיבורדיקן אויסזען, ווי ביי אַ שלאָפנדיקן לייב. אָבער אין חבריש־געזעלשאַפטלעכע פאַרוויילונגען, האָט זיין פיגור אויפגע־שיינט אין זיין גאַנצער פיזישער מאַיעסטעט; זיין גוטמוטיק פול פנים האָט באַקומען קינדישע פרייד־שטריכן. כמעט אומגעבעטענערהייט פלעגט ער אַרויסטרעטן מיט זיין באַליבטן רעפּערטואַר פון סאָציאַלע און רעוואָלוציאָנערע לידער, אָנהויבנדיק פון דער „מאָלדאַוויאַנקע" — וועגן טראַגישן גורל פון אַ גאַסן־פּרוי. מיט זיין לייבן־שטימע האָט ער דורך דעם מאָטיוו אַרויסגעבראָזט זיין סאָציאַלן ווייַ קעגן די עקזיס־טירנדיקע אומרעכטן. זיין זינגען האָט אַלעמען גערירט ביז טרערן און איבערצייגט, מער ווי די טיפזיניקסטע רעפעראַטן, אין דער נויטיקייט צו געפינען אַ לעזונג פאַר מענטשלעכע ליידן.

*

צווישן די חברטעס אין דער באַוועגונג, אויף דער „בערזע" און אַנדערע גאַסן־טרעפונגען, האָט געצויגן אונדזער אויפמערקזאַמקייט דאָס נידעריקע, פיזיש נישט אַנטוויקלטע מיידעלע, וועלכע מ'האָט גע־רופן אומפאַרצויגן, ווי זי וואָלט שוין געווען אַ דערוואַקסענע — „הינדע", פאַנאַנדערשמועסנדיק זיך מיט איר פּנים־לפנים, אין דער היימישקייט פון קלוב, האָט זי מיר באַוויזן איר דערוואַקסנקייט, בלויז איר פיזישע אַנטוויקלונג איז געבליבן הינטערשטעליק. די פאַרקרימטע פלייצע־גלידער האָבן באַשווערט איר אָטעם־אַפּאַראַט, זי האָט געסאָפּעט ווי אַן אַלטיטשקע. אירע קלוגע אויגן האָבן געזאָגט, אַז זי איז געגנוג רייף צו פאַרשטיין איר טראַגישן גורל. ס'איז דעריבער געווען צו באַוווּנדערן איר אָפּטימיסטישן בליק אויפן לעבן. זי האָט אַרויסגע־וויזן אַ גרויסע פאַרשטענדעניש און פאַראינטערעסירונג פאַר געזעל־שאַפטלעכע פראַגן און גרייטקייט צו העלפן בייקומען די סאָציאַלע איבלען. אַלס יחיד האָט זי גוט פאַרשטאַנען איר אומבאַהאָלפנקייט,

אָבער אַלס טייל פון דער געזעלשאַפט, האָט זי געגלויבט, אַז אויך זי מיט איר שוואַכן קערפּער קען ברענגען נוצן. אַ פֿאַקט איז, אַז אין אונדזער באַוועגונג, ווו די איניציאַטיוו און פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿונעם איינצלנעם איז דערהויבן געוואָרן צו אַן עיקר־פּרינציפּ, האָבן אויך די אָרימערע אין גייסטיקע און פיזישע פֿעיקייטן געברענגט פיל נוצן; טיילמאָל אפילו איבערגעשטיגן די דורכשניטלעכע דער־וואַרטונגען.

## 21

## לעגאַליזירטע

### א

די סינדיקאַליסטישע באַוועגונג האָט אויך געהאַט אַן איינפלוס אויף געוויסע טוער און מיטגלידער פון די פּוילישע סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען, וועלכע האָבן ביי פּאַרשידענע געלעגנהייטן אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע צו אונדז *. אין די ראַמען פון „ז.ז.ז.“ (זיעד־נאָטשעניע זוויאָנזקאָוו זאַוואָדאָוויך“ — געגרינדעט געוואָרן דורך דער פּילסודסקי רעגירונג) האָט זיך אויסגעבילדעט אַ קרייז, וואָס האָט אָנגעהויבן פּראָפּאַגאַנדירן דעם ס י נ ד י ק אַ ל י ז ם אין אַ „לייכטער“ פאָרם, ד.ה. אָן די אַנאַרכיסטישע ענדע־צילן. די אַרטיקלען אין „זוויאָנזקאָוויעץ“, די אויסגאַבע פון דעם קרייז, — וואָס האָט אפילו זוכה געווען צו לעגאַליטעט צוליבן רופן זיך נאָר סינדיקאַליסטן אָן דעם צוגאָב: „אַנאַרכאָ“, — האָבן, דעם אמת געזאָגט, ווייט נישט באַפרידיקט אונדזערע חברים. ס׳איז אָבער געווען פאַר אונדז אַ דער־פרייענדיקע דערשיינונג דער פאַקט אַליין, וואָס אונדזער אידעע האָט אָנגעהויבן שלאָגן וואָרצלען אין דער ברייטער פּוילישער אַרבעטער־

---

* פון די יידישע פּאַרטיי־פירער, איז בלויז געווען באַקאַנט וו י ק ט אָ ר אַ ל ט ע ר (בונד), וואָס האָט זיך באַצויגן צו דער אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישער באַוועגונג מיט גרויס דרך־ארץ. מ׳האָט דאָס אַרויסגעלייענט פון זיינע אַרטיקלען בעיקר אין די טעג פון דעם שפּאַנישן בירגער־קריג. אין אַ לייט־אַרטיקל געשריבן פון אים דעמאָלט אין דער בונדישער „פאָלקס־צייטונג“, האָט ער ציטירט אונדזערס אַ בראָשור („שפּאַניע אויפן שייד־וועג“, ל. האַזע, וואַרשע 1936) און אידענטיפיצירט זיך מיט אונדזער שטעלונג קעגן דער פּאַררעטערישער ראָל פון ראַטנפּאַרבאַנד אין שפּאַנישן פרייהייטס־קאַמף.

סביבה. בעת אָפיציעלע אַרויסטריטן און דעמאָנסטראַציעס האָבן יענע גרופּן געטראָגן מיט שטאָלץ די רויט־שוואַרצע פאָן; גראָד אונדזער באַוועגונג וואָס האָט דער פאָן אַזוי טריי געדינט, האָט זיך נישט געקענט דערלויבן דאָס לוקסוס אים עפנטלעך צו באַנוצן, סיידן בחדרי־חדרים אָדער מינוטן־ווייז לאָזן אים פלאַטערן — ביזן באַווייזן זיך פון דער פאָליציי.

ב

ס'זענען אויך געווען צווישן דער פוילישער אינטעליגענץ אַזוי גערופענע „לעגאַלע אַנאַרכיסטן”, וועלכע האָבן זיך דירעקט אין דער באַוועגונגס־טעטיקייט נישט באַטייליקט, אָבער געברענגט גרויסע נוצן מיט זייערע אינטעלעקטועלע פעיקייטן. פון פּאָפּולאַריטעט האָבן, פאַרשטענדלעך, גענאָסן אַזעלכע, וואָס זענען אַרויסגעטראָטן אין וואָרט און שריפט; די ווערטעראַנין איזשא זשעלינסק, מיטאַרבעטערין פון פראַנציסקאַ פערער (געגרעדט אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען איבער „פרייע דערציאונג”), האָט מיט אירע רעפעראַטן געהאָלפן אויפקלערן פאַר ברייטערע קרייזן, אין לעגאַלע ראַמען, דעם גייסטיקן אינהאַלט פון דער באַוועגונג. דער נאָמען, פון דער טרייער פּאַציפיסטין און סאָציאַליסטיש־עטישער פרוי — עמאַליאַ קורלאַנדזקאַ, איז געווען גוט באַקאַנט פון די שער־בלעטער פון אַ ריי אַנאַרכיסטישע ווערק, וואָס זי האָט איבערזעצט. אין יאָר 1928—9 איז דערשינען אַ קראָפּאָטקין־בראָשור (אין פויליש), געשריבן דורך מאַריאַ אָרסעטי, וואָס איז באַנוצט געוואָרן פאַר פּראָפּאַגאַנדע צוועקן. שוין מיטן אָנגעבן איר נאָמען אויף דער בראָשור, האָט די אויטאָרין זיך געשטעלט אין „לעגאַלע ראַמען”.

אַלס אומדירעקטער מיטהעלפער דאַרף אויך באַצייכנט ווערן דער „פוילישער טאָלסטאָי”, ווי מ'האָט אים גערופן — ד"ר מאַריאַן לובעצקי (דירעקטאָר פון אַ יידישן גימנאַזיום) — וואָס האָט געהאַט אַן איינפלוס אויף היפּשע יוגנט־גרופּן מיט זיינע גייסטרייכע עפנטלעכע רעפעראַטן, וואָס האָבן ביי די צוהערער געוועקט הומאַניטאַרע געפילן; דערמיט האָט ער צוגעשטעלט אונדזער באַוועגונג ווערטפולע חברים. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון דער מאָנאַט־שריפט „סומיעניע ספּאָלעטשנע” (געזעלשאַפטלעכער געוויסן); ער האָט מיט זעלטענער געוואַגטקייט באַקעמפט דעם אַנטיסעמיטיזם און אפילו דערלויבט זיך צו באַהויפּטן,

אַז דאָס איז אַ פּוילישע „נאַציאָנאַלע שוואַכקייט". ער האָט דעריבער אויסער דער רעגירונג (מיט איר אַנטיסעמיטישער איינשטעלונג) אויך קריטיקירט זיין אייגן פאָלק, און עטלעכע מאָל פאַרמשפּט געוואָרן דורך דער צענזור־מאַכט פאַר „באַליידיקן דאָס פּוילישע פאָלק". זיין אויסגאַבע האָט ביי אונזערע חברים נישט שטאַרק אויס־גענומען צוליבן רעליגיעזן (פילאָזאָפישן) טאָן. זי איז אין דער אמתן געווען געווענדעט נאָר צו עליטע־מענטשן. דאַקעגן זיינע רעפעראַטן, אָפּט איבער סאָציאַל־עטישע טעמעס, האָבן אַרויסגע־רופן גרויס אינטערעס, מיט זייער באַלערנדיקייט, ביי אונזער יוגנט. אַנאַנים האָט די באַוועגונג געשטיצט אַלע לעגאַלע, אידעאיש באַענטע אונטערנעמונגען. אונטער פאַרשידענע פאַרלאַגס־נעמען זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן לעגאַל־געדרוקטע בראָשורן פאַר פּראָ־פּאַגאַנדע צוועקן, וואָס אַ היפּשער טייל איז פאַרטיילט געוואָרן בחינם אָדער פאַר אַ נאָמינאַלן אָפּצאָל. צווישן די באַקאַנטע אויסגאַבן (אין פּויליש) זענען געווען אַ באַקונין־בראָשור, איבערדרוקן פון קראָפּאָטקינס ווערק — „קאָלעקטיוויזם און פרייהייטלעכער סאָציאַ־ליזם", „צו דער יוגנט", —ראָקערס „צי די ראַציאָנאַליזאַציע פון דער ווירטשאַפט פירט צום סאָציאַליזם" און אַנדערע אויסגאַבן און איבערזעצונגען פון אונזערע טעאָרעטיקער. אין יידישן זענען אַזעלכע אויסגאַבן געווען זעלטענער. אין יאָר 1935 (אָדער 1936) איז אין לאָדזש דערשינען אַ בראָשור (אין יידיש) וועגן סימאָן ראַדאָוויצקי (פאַרמשפּט, אין אַרגענטינע 1905, אויף אייביקער פאַרשיקונג) אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַקציע פאַר באַפרייען אים פון טויטן־אינזל. כאַראַקטעריסטיש, אַז אַלס אַרויסגעבער איז אויף דער בראָשור אָנ־געגעבן געוואָרן איינער פון דער לאָדזשער עטיש־סאָציאַליסטישער גרופּע, צו וועלכער אונדזערע חברים האָבן זיך באַצויגן מיט פריינט־שאַפט.

אין יאָר 1937 איז אין וואַרשע אַרויסגעגעבן געוואָרן פון לואיס האַזע אַ קליינע בראָשור וועגן וויליאַם גאָדווין, מיט דער צושריפט „100 יאָר נאָך זיין טויט", אונטערשטרייכנדיק מיט פעטע שריפט דעם „יובילעאום", בכדי אָפּצוציען דעם צענזאָרס אויפמערקזאַמקייט פון דער פּראָפּאַגאַנדע טענדענץ. דער לעצטער אָבער האָט זיך „דער־שראָקן" פאַרן ציטירן דאָרט גאָדווינס באַקאַנטן לאָזונג, אַז „דער שטאַט איז אין בעסטן פאַל אַ נויטווענדיקע צרה" — און אַרויס־געגעבן אַ קאָנפיסקאַציע־באַפעל אינם זעלבן טאָג פון דערשיינען.

נאָר עטלעכע הונדערט עקזעמפּלאַרן, וואָס האָבן זיך געפונען אין
פרייען פאַרקויף ביי די קיאָסקן, איז דורך דער פּאָליציי פאַרכאַפּט
געוואָרן. דער גרעסטער טייל פון דער אויפלאַגע (1500), איז גלייך
פון דרוק־פּרעס עקספּעדירט געוואָרן צו די פריער באַשטימטע אָפּ־
נעמערס — אונזערע גרופּן אין וואַרשע און פּראָווינץ. דערמיט איז
אָבער צעשטערט געוואָרן דער פּלאַן (צוליב די דראָונגען פון
די „זיכערהייטס״־אָרגאַנען) פון דערמאָנטן אַרויסגעבער צו פאַר־
עפנטלעכן אַ גאַנצע סעריע פּאָפּולערע בראָשורן פון אונדזערע באַ־
גרינדער. דער מאָטיוו פון צענזאָר פאַרן נישט דערלויבן פּאָפּולאַ־
ריזירן די געדאַנקען פון אַזעלכע טעאָרעטיקער, וואָס אגב זייערע
ווערק, אַלס גאַנצע, זענען יאָ געווען לעגאַל, אפילו דערשינען אין
גרויסע פּוילישע קאָמערציעלע פאַרלאַגן, איז געווען זייער טשי־
קאַווע: „אַ בוך לייענט נאָר אַן אינטעליגענט, אָפט שטעלט ער עס
צוריק אַוועק אין ספרים־שאַנק מיט גלייכגילט; אַ 20־גראָשיקע
בראָשור — דערגייט צו די מאַסן־מענטשן און אַ טייל קענען דערפון
באַקומען ,אַ קליאָפּקע' אין קאָפּ״... דעם אמת דאַרפן מיר אָנער־
קענען: אָפט מאָל ברענגען קליינע דאַרע בראָשורן, גוט פּאָפּולאַרי־
זירטע, מער נוצן פאַר ברייטע פּראָפּאַגאַנדע צוועקן ווי די דיקע
ביכער.

## 22

## פאלק און קלאס

### א

דער אינטערנאַציאָנאַליזם איז געווען אַן אידעאָלאָגישער באַ־
שטאַנדטייל פון דער באַוועגונג אין פּוילן. ער האָט זיך געפונען
אין פולן הסכם מיט די אַנאַרכיסטישע פּרינציפּן; איר „פּוילישקייט״
האָט זיך נאָר אויסגעדריקט אין באַזונדערן באַהאַנדלען די עקאָנאָ־
מישע פּראָבלעמען אין די פּוילישע טעריטאָריאַלע גרענצן. די פּראָ־
יעקטן פאַר אָרגאַניזירונג אויף סינדיקאַליסטישע יסודות די פּראָ־
דוקציע און קאָנסומציע, די רעגולאַציע צווישן „שטאָט און דאָרף״
(אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט) לטובת דער גאַנצער באַפעלקע־
רונג אין פּוילן, איינשליסנדיק די מינדערהייטס־גרופּן אַלס אומטייל־
באַרן איינס. אונזער באַוועגונגס־צוגאַנג בנוגע עקאָנאָמישע און

קולטורעלע לאַנדס־פּראָבלעמען, זענען לחלוטין געווען פריי פון דעם נאַציאָנאַל־שאָוויניסטישן בייגעשמאַק, וואָס עס האָבן איבערגעלאָזט די באַזונדערע לייזונגען פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן (יידן, אוקראַינער א. אנד.), וועלכע זענען אַרויסגערוקט געוואָרן פון „2־טן אינטערנאַציאָנאַל״־סאָציאַליסטן. אין דער צייט ווען די לעצטע האָבן אַזויפיל גערעדט וועגן „גלייכע רעכט״ אויפן עקאָנאָמישן געביט און „קולטור־אויטאָנאָמיעס״ — פאַרן גייסטיקן אויסלעבן זיך — (אויך די קאָמוניסטן האָבן „געשפּילט אויף די נאַציאָנאַלע סטרונעס״ פון די מינדערהייטן) אַלס „מתנות״ פאַר די מינדערהייטן, האָט די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג באַטראַכט די דאָזיקע פראַגן אַלס עלעמענטאַרע התחייבותן וואָס איז אין אַ דעצענטראַליסטישער געזעלשאַפט־לעכער אָרדענונג אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. פּוילנס דעראָבערטע אומאָפּהענגיקייט האָט שטאַרק אַנטוישט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין לאַנד, לגבי וועלכע די „יונגע רעפּובליק״ האָט געהאַנדלט ווי אַן אַלטע קאָלאָניאַלע אימפּעריע, און אפילו אויך די „אייגענע״, די ברייטע פּוילישע מאַסן, וואָס האָבן געהאָפט, אַז דער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג וועט ברענגען גרויסע סאָציאַלע פאַר־בעסערונגען. דאָך איז די זעלבסטשטענדיקייט, ביזן ווידער פאַרלירן זי (1939), פון אַלעמען באַטראַכט געוואָרן ווי אַ גרויסער אויפטו. אין דעם פאַל האָט די סינדיקאַליסטישע באַוועגונג אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַר די מאַסן־געפילן און באַמיט זיך אַריינצוועבן אין דעם זעלבסטשטענדיקייט־ציל דעם פאַרלאַנג צו דערהויבן אַלע שיכטן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג. זי האָט אויף דעם שאַרפסטן אופן אַרונטערגעריסן די פּאַטריאָטישע מאַסקע פון די פּריווילעגירטע שיכטן, וועלכע האָבן מיסברויכט מיט דער אומאָפּהענגיקייט לטובת זייערע עגאָיסטישע אינטערעסן און שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן יעדן שפּור פון נאַציאָנאַל־שאָוויניזם אין פּוילישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, און בעיקר אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט; זי האָט געקעמפט קעגן דער פּאָליטישער (פּאַרטייאישער) און נאַציאָנאַלער צעשפּליטערונג פון די אַרבעטער־כוחות אויפן געביט פון פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד.

באַקונינס אַרויסטרעטן פאַר דער באַפרייאונג פון די סלאַווישע פעלקער, זיין דירעקט אונטערשטיצן דעם פּוילישן אויפשטאַנד (אין 1863) און זיין פּערזענלעכע גרייטקייט צו באַטייליקן זיך אין אים (זיין פּלאַן אָפּצופאָרן פון שוועדן, צוזאַמען מיט דער באַלאָדענער

שיף מיט וואָפן, קיין פוילן העלפן די אויפשטענדלער), האָט געדינט פאַר דער סינדיקאַליסטישער באַוועגונג ווי אַ היסטאָרישער ביישפּיל פון דער בויטיקייט צו פאַרבינדן דעם פרייהייטס־געפיל פון פעלקער פאַר זייער זעלבסטשטענדיקייט מיט דער שטרעבונג פאַרן סאָציאַלן איבערבוי פון זייער געזעלשאַפטלעך לעבן. אָט דער געשיכטלעכער פאַקט איז שטאַרק אויסגענוצט געוואָרן אין אונדזער פּראָפּאַגאַנדע. דער אינטערנאַציאָנאַליסט באַקונין איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לעגענדאַרער „נאַציאָנאַלער" געשטאַלט אין די פּוילישע קרייזן.

אויך די יידישע חברים אין דער באַוועגונג, וואָס האָבן דירעקט אַזוי טראַגיש געליטן אַלס „מינדערהייט", פאַר וועלכע דאָס רעכט אויף אַרבעט — אין די מלוכהשע און גרויס־קאַפּיטאַליסטישע אונטער־נעמונגען איז געווען אַן עקזיסטענץ פראַגע, און דער ברויזנדיקער אַנטיסעמיטיזם אַרום, האָט זייער נאַציאָנאַל פּראָבלעם אַרויסגערוקט אויבן־אָן — האָבן דאָך געשעצט די פּוילישע זעלבסטשטענדיקייט; זיי האָבן נאָך אַלץ געגלויבט, אַז דאָס לייזן די יידישע פראַגע איז אָפּהענגיק פון אַלגעמיינעם סאָציאַלן קאַמף.

ב

עס איז אַ פאַקט, אַז דער קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט אין דער גרויס־אינדוסטרי האָט געמוזט געפירט ווערן פון די יידישע האָר־פּאַשניקעס נישט נאָר קעגן די מאַכט־האָבער (מיט „גרויס"־פּוילישן שאָוויניזם) און קאַפּיטאַליסטן־פּאַטריאָטן (סוואַי דאָ סוועגאָ"־אָנ־הענגער, וואָס האָבן דורך נאַציאָנאַלן האַס געוואָלט באַזיגן די רעוואָ־לוציאָנערע אַרבעטער־קרייזן), נאָר אויך קעגן די פּוילישע פּראָפע־סיאָנעלע פאַריינען, וואָס האָבן די „פּוילישע" אַרבעטס־פּלעצער באַטראַכט אַלס זייער „לעבנס־רוים". אויך די פ.פ.ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי), וועלכע האָט אין פיל פאַכן געהאַט די גאַנצע השפּעה אויף די אַרבעטער ענינים, האָט די צעטיילונג פון אַרבעטס־פּלעצער לויט „נאַציאָנאַליטעט" געביטן" באַטראַכט, ווי עפּעס אַ „נאַטירלעכע" דערשיינונג. זיי האָבן געזען געזען די עקזיס־טענץ פון „זעלבסטשטענדיקע יידישע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַני־זאַציעס", וואָס דערמיט איז אויך פון צווייטן צד אנערקענט געוואָרן די איינטיילונג פאַר „איינפלוס־ספערן" (יידישע — קליין־וואַרשטאַטן, און פּוילישע — מערסטנס גרויס־אינדוסטרי, וואָס אפילו יידישע בעלי־בתים האָבן בעסער אָנגענומען דעם נאַציאָנאַל־שטאַרקערן

„פּאַטראָן“). דער „אינטערנאַציאָנאַליזם“ פון די פּ.פּ.ס. איז נאָר גע־קומען צום אויסדרוק אין פּראָלעטאַרישע יום־טובים און פייערלעכ־קייטן, בעת וועלכע זי האָט צוגעשיקט די „וואַרעמסטע אינטערנאַ־ציאָנאַלע גרוסן“ צו די יידישע אָרגאַניזאַציעס, אָבער אין טעגלעכער פּראַקטיק, האָט זי שטרענג געהיט די נאַציאָנאַלע ראַמען. כדאי צו דערמאָנען, אַז אין אַזאַ מיליאָניקער שטאָט ווי וואַרשע, מיט די טויזנטער שטאָטישע פּאַרקער־ און קאַנאַליזאַציע אַרבעטער, זענען נאָך לאַנגע בעטלעגישן פון דער „ברידערלעכער“ ס.ד.־פּאַרטיי „בונד“, נאָר איינגעשלאָסן געוואָרן בסך־הכל 6—5 יידישע אַרבעטער אין פּוילישן פּ.ס.אישן פּאַריין, וואָס האָט זיי דערמעגלעכט צו ווערן באַשעפטיקט אין די דערמאנטע אינסטיטוציעס. די צ ו ו י י יידישע טראַמוויי־אָנגעשטעלטע, אין די אָפיציעלע געפּוצטע אַרבעטס־מונדירן, האָט דער „בונד“ ביי יעדער געלעגנהייט פאָרגעשטעלט אַלס זיג־סימבאָל פון זיין נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמישן צוגאַנג צום קלאַסן־קאַמף. די בילדער פון די צוויי קאָנדוקטאָרן (טראַמוויי־מאָטאָר־פירער) האָבן באַצירט די בונדישע וואַל־פּראָקלאַמאַציעס, אַלס לעבע־דיקער באַווייז פון זייערע נצחונות אויפן געביט פון קאַמף פאַר אַרבעטס־רעכט און אינטערנאַציאָנאַלער פאַרשטענדיקונג מיט די פּויליש־שכנישע סאָציאַליסטן־אַרבעטער. אין דער אמתן אָבער איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרשטענדעניש פאַר אינטערנאַציאָנאַלע פאַרברידערונג מצד דעם „בונד“ געבליבן איינזייטיק. אַנדערש האָט געדענקט די ש ט אַ ר ק ע ר ע 2־טער אינטערנאַציאָנאַל־שוועסטער — די פּ.פּ.ס.; ווי די אַמאָליקע רוסישע ס.ד. האָט קודם־כל געוואָלט זען די לייזונג פאַר די נויטן פון די גרויסע רוסישע מאַסן און גע־פאָדערט פון די מינדערהייטן „אָפּצולייגן“ זייערע פראַגן אויף שפּע־טער — אַזוי האָט אויך די פּ.פּ.ס. באַטראַכט די פאַרבעסערונגס־נויטווענדיקייט פונם יידישן מאַסן־לעבן פאַר אַ זאַך וואָס איז ניט דרינגנדיק. דער מאַרקסיסטישער צוגאַנג פון די פּוילישע סאָציאַליסטן האָט געהעמט זייער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. אויסער אַלע אַלגע־מיינע שיינע פראַזן, האָט די פּ.פּ.ס. גאָר ניט געטאָן. זי האָט נישט אָנגענומען קיין שום ממשותדיקע שריט, וואַרטנדיק אויף דער „פאַר־שווינדונג פון פאַרמיטלער־קלאַס“ (וואָס האָט,ליידער, אַרומגענומען דעם רוב יידן אין פּוילן), וואָס וועט ממילא אָפּשוואַכן דעם יידן־האַס. פאַרקערנדיק אין די רייען פון פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, האָט מען אָבער זיך גיך געקענט איבערצייגן, אַז דער אינטערנאַציאָנאַליזם

האָט ביי זיי אַ בלויז אַבסטראַקטן באַנעם. אָט דאָס האָבן באַגריפן ניִשט נאָר די יידישע חברים אין אונדזער באַוועגונג, נאָר אויך די פוילישע; די שטעלונג פאַר איבער־נאַציאָנאַלע פראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס און געמיינזאַמען סאָציאַלן קאַמף האָט דעריבער פאַר אונדז ניִשט באַדייט די באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן פראַגן, נאָר זוכן אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענאַרבעט אויפן וועג צום ציל. דער לעבעדיקער קאָנטאַקט מיט די פוילישע חברים אין דער באַוועגונג, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַזאַ ברידערלעך, וואַרעמע באַציונג אין די בשותפותדיקע אידעאישע טעטיקייטן, האָט דעם גלויבן אין עכטן פעלקער שלום געשטאַרקט. דאָס האָט געשטויסן די יידישע חברים צו רייסן זיך מיט אַזאַ אייפער, דווקא צו די ברייטע פוילישע אַרבעטער־מאַסן מיט אַנאַרכיסטישער פראָפאַגאַנדע ליטעראַטור. פון די וויכטיקסטע אַרבעטן פלעגט באַטראַכט ווערן דאָס אָפּוואַרטן ביים אַרויסגאַנג פון די גרויסע פאַבריקן און „שטעקן אין האַנט" די „וואַלקאַ קלאַס" און אַנדערע אויסגאַבן. ביי די רעגירונגס־אונטערנעמונגען, וואָס זענען געהיטן געוואָרן ס'זאָלן ניִשט דערגרייכן אַהין קיין „שעדלעכע איינפלוסן" פלעגן זיך אונדזערע חברים באַגנוגענען מיט „ציפּן"* איבער די הויכע פאַרקנס „ליטעראַטור־באָמבעס", אויפצוצערייסן די פינצטערקייט.

ג

גאָר אַנדערש איז געווען די לאַגע אין דער פראָווינץ, בפרט אין די קלענערע, אַזוי גערופענע „יידישע" שטעטלעך. דער איינפלוס פון דער באַוועגונג האָט אַהין כמעט ווי ניִשט דערגרייכט, אפילו צו דער יידישער יוגנט, וואָס זייערע אויגן זענען געווען געווענדעט צו אַלע פראָגרעסיווע דערגרייכונגען אין די גרעסערע שטעט. אין די קליינע יידישע ישובים האָבן „פאַרכאַפּט" די יוגנט דער „בונד" און די ציוניסטישע פאַרטייען מיט זייערע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע פראָגראַמען, ווייל דער ראַסן־אַנטאַגאָניזם, דער אַנטיסעמיטיזם, איז אין אָט די

* אין אַזעלכע „ציפּ"־אַקציעס האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט דער ערנסט־דענקענדיקער און ענערגישער חבר „זשידעק" (יידל גרינבערג). ער איז געווען אַן אויטאָ־דידאַקט, מיט נייגונג צו פילאָזאָפישער גריבלעניש, דערביי פול מיט איינפאַלערישקייטן לטובת פראָפאַגאַנדע צוועקן. זיין בונטאַרישקייט האָט ניט געקאָנט צעברעכן דער ענקאַווידע־פויסט. אומגעקומען אין אַ ראַטנפאַרבאַנדישן קאָנצענטראַציע־לאַגער.

ערטער בולטער געקומען צום אויסדרוק, ווי אין די גרויסע שטעט. דער „מאַרק", וווּ די יידישע באַפעלקערונג האָט על־פּי רוב געשפּילט די ראָל פון „פאַרמיטלער" צווישן דאָרף און שטאָט, אָט־דער וויכטיקסטער צוזאַמענטרעף־פּונקט פאַרן ייד מיט די נישט־יידישע שכנים, איז דורך די פאַרשידענע פּוילישע שאָוויניסטישע קרייזן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ תהום פון האַס, וואָס האָט אוממעגלעך געמאַכט די פאַרשטענדעניש פאַר געמיינזאַמע סאָציאַלע פראַגן. די יידישע יוגנט איז דעריבער געשטויסן געוואָרן צו איזאָלירונג און זוכן רעטונג אין אייגענע נאַציאָנאַלע ראַמען.

צו די פּוילישע דערפער זענען לגמרי נישט דערגאַנגען קיין רע־וואָלוציאָנערע אידעען, אפילו ניט אין אַזאַ קליינער מאָס ווי אין די צאַרישע צייטן. די עיקר אַרבעט פון פ.פּ.ס. (שוין אָפּגערעדט פון די פּוילישע נאַציאָנאַלע פּאַרטייען) אין דאָרף איז באַשטאַנען אין „באַפרייען" פון שטאָטישן פאַרמיטלער, דורך שאַפן זעלבסטפאַרזאָר־גונגס קאָאָפּעראַטיוון (הונדערט־פּראָצענטיק „יידן־ריין" אַפילו פון אָנגעשטעלטע), וואָס האָט בעיקר געטראָפן די קליין־שטאָטיקע יידישע באַפעלקערונג, נישט די מינדסטע לייזונג פאַר די „אויסגעשיכטעטע".

נאָך דעם סאָוויעטישן עקספּערימענט צו שאַפן אַן אייגענעם „ציון" — ביראָבידזשאַן — האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין פּוילן, וואָס האָט זיך אין אָנהויב 30־ער יאָרן געהאַלטן פאַר שטאַרק „אינטערנאַציאָנאַל", נישט אָנגענומען קיין שום טריט פאַר דער פאַרברידערונג פון דער פּוילישער און יידישער באַפעלקערונג; בנוגע דער יידן־פראַגע האָט זי זיך „דערליידיקט" מיט ביראָבידזשאַניזם און לגבי דער פּוילישער באַפעלקערונג האָט זי באַמיט זיך פאַרשטעלן מיט פּוילישן הויך־פּאַטריאָטיזם. די סינדיקאַליסטישע באַוועגונג איז דעריבער געווען אין פּוילן דער איינציקער טרעגער פון אויפריכטיקן אינטערנאַציאָנאַליזם אין דער ראַם פון סאָציאַלן באַפרייאונגס־קאַמף.

דאָרט וווּ ס'האָט נאָר דערגרייכט די השפּעה פון אונדזער באַ־וועגונג, וווּ ס'איז נאָר געקומען צום אויסדרוק איר טעטיקייט, האָבן די נאַציאָנאַלע מאָמענטן באַקומען זייער סאָציאַלן תיקון. די פּאָזי־טיווע דערגרייכונג פון צווישן־נאַציאָנאַלער פאַרברידערונג אין די ראַמען פון דער באַוועגונג גופא, האָט אָבער אין אַ געוויסער מאָס גורם געווען דערצו אַז מ'זאָל דאָס פאַרזען, אַז אונדזער סביבה איז נאָר אַ קליינער אינזל אין דעם אַרומיקן פעלקער־האַס־מדבר; וואָלטן לפּחות די יידישע חברים געהאַט מער פּראַקטישע פאַרשטענדעניש

פאַר מאָמענטאַלער הילפס־גרייטוועגדיקייט לטובת דער יידישער אַרבעטער מאַסע און איניציִירט די באַוועגונג צו טעטיקייטן, איז באַרעכטיקט צו דענקען, אַז די פוילישע חברים וואָלטן געהאָלפן מיט איבערגעבנקייט, און פילע פון זיי האָבן עס מיט מסירות־נפש געטון אין די טראַגישע געטאָ־טעג.

ד

ס'איז שווער צו באַשולדיקן אונזער באַוועגונג, וואָס איז אין דער איבער דרייסיק מיליאָניקער באַפעלקערונג אין פוילן, געווען אַ גאָר קליינער פאָליטישער פאַקטאָר, פאַרוואָס זי האָט זיך נישט מער געווידמעט דעם פּויערטום, וואָס האָט געציילט 70% פון די לאַנדס־איינוווינער. ס'איז אָבער אַ פאַקט, אַז אונזער סינדיקאַליסטישע באַוועגונג איז געווען באַאיינפלוסט פון די מערב־אייראָפּעישע גרופּירונגען, וועלכע האָבן געלייגט די גאַנצע האָפענונג אויף דעם שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט אַלס אַוואַנגאַרד, און אויף דער רעאָרגאַניזאַציע פון דער אינדוסטריע אַלס יסוד פאַר דער סאָציאַלער איבערגאַנג. סײַ אין די באַוועגונגס־שריפטן ביי אונז און סײַ אין דער מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע, האָט די דערמאָנטע השפעה שטאַרק זיך געפילט. דאָס פעלן פון אַ קאָנקרעטן צוגאַנג צו דער פּויערים־פראַגע האָט אונז מער דערווייטערט פון דאָרף ווי דער מאַנגל אין פּראָפּאַגאַנדיסטן. דאָס אָרטאָדאָקסישע האַלטן זיך ביי דער קלאַסן־ליניע איז געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר וואָס האָט דעם סינדיקאַליזם געמאַכט פרעמד פאַרן פוילישן פּויערטום, וואָס איז בעיקר באַשטאַנען פון קליין־ווירטשאַפטן, און ווי דער עטייגער פון אַזעלכע, מיט אינדיווידואַליסטישע, אַזויגערופענע, קליינבירגערלעכע נייגונגען.

די שפּאַנישע רעוואָלוציע אין יאָר 1936—7, ווו גראָד דאָס פּויערטום האָט באַוויזן גרויסע רעוואָלוציאָנערע וואונדער, האָט אין אונדזער באַוועגונג אַרויסגערופן באַזונדערן אינטערעס פאַר דער „ראָל פון אַגראַרן־עלעמענט"; ווי ס'זענען נאָר דערגאַנגען צו אונז די ערשטע ידיעות וועגן אַנטשטיין פון לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלעקטיוון אינם רעוואָלוציאָנערן טייל פון שפּאַניע, איז יעדער מינדסטער פּונקט געוואָרן געפאָרשט פון די חברים און דיסקוטירט דורך די גרופּן, טאַקע אין ליכט פון „איבערפּלאַנצן זיי אין פוילישער ווירקלעכקייט". ס'האָבן זיך באַוויזן ערנסטע סימנים, אַז די באַוועגונג בעמט זוכן אַן אייגנאַרטיקן צוגאַנג צו דער סאַמע שליסל־פראַגע פון

פוילישן עקאָנאָמישן לאַנדס־נערוו — אַגריקולטור — און באַצוועקט דורך דעם דערגרייכן דעם אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישן ציל. נאָכן טראַגישן דורכפאַל פון דער שפּאַנישער רעוואָלוציע, מיטן „אופהויבן דעם קאָפּ" פון די שוואַרצע כוחות, האָט זיך אויך אין פוילן אָנגעהויבן דער פרעכער פאַשיזירונגס־פּראָצעס, וואָס האָט נישט דערלאָזט צו קיין ברייטערער אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונגס־טעטיקייט. אויפן טעאָרעטישן געביט זענען אָבער געמאַכט געוואָרן געלונגענע טריט פאָרויס.

## 23

## צווישן צוויי שוואַרצקייטן

### א

די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, מיטן אויפשטייג פון היטלעריזם אין דייטשלאַנד — דעם מערב־שכן פון פוילן, — און אַגרעסאַרישע „פּאַרטיידיקונגס"־צוגרייטונגען פון ראַטן פאַרבאַנד — דער מזרח־שכן — האָט יעדער באַוווסטזיניקער סאָציאַליסט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן דער דראָענדיקער געפאַר מצד די צוויי שוואַרצקייטן. ביי דער גאַנצער קעגנערשאַפט פון אונדזערע חברים צום אַבסורדאַלן שטאַט פון „פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור", איז אָבער די פראַגע פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד — קעגן אַ מעגלעכער אינוואַזיע פון דער „רויטער" אַרמיי — געוועזן אַ ענין פאַר דיסקוסיעס, וואָס האָבן זיך פאַרוואַנדלט מער אין געפילן־שטרייטן, איידער אין זוכן לאָגישע אויספירן. די מערהייט איז געווען פאַר קעמפן מיט אַלע מיטעלן און וועגן (אפילו האַנט־ביי־האַנט מיט די נאַציאָנאַלע און קאַפּיטאַליסטישע גרופּירונגען). ס'זענען אָבער געווען אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געוואָלט שלום־מאַכן מיטן געדאַנק צו אָנערקענען ראַטנפאַרבאַנד אַלס דעם גרעסטן בייז. זעענדיק פאַר זיך די שוואַרצקייט פון דער ברוינער בעסטיע, וואָס האָט געדראָט מיט איר פויסט קעגן פוילן, און די וואַקסנדיקע פאַשיסטישע טענדענצן אין לאַנד גופא, זענען זיי געווען גענייגט בעסער אונטער־צוגעבן זיך דער „סאָציאַליסטישער" דיקטאַטור, ווי דער קאַפּיטאַ־ליסטישער. דאַקעגן האָט געהערשט אַבסאָלוטע פאַרשטענדיקונג פאַר דעם דעצידירטן קאַמף קעגן יעדן אָנגריף פון דער דייטשער זייט.

די פראַ־היטלעריסטישע פּאָליטיק פון דער פּילסודסקי־רעגירונג (און נאָך דייטלעכער די „אָריענטאַציע" פון דער רידז־שמיגלי־קליקע), ביז היטלערס פאַדערן פאַר זיך דאַנציק, האָט געשאַפן דעם איינדרוק, אַז די היטלעריזירונג פון פּוילן קען פאַרקומען אָן איין שאָס. מיר, ווי אַלע אַנדערע סאָציאַליסטישע ריכטונגען, האָבן דעריבער אויפגענומען מיט צופרידנקייט די געענדערטע שטעלונג מצד די רעגירונגס־קרייזן קעגן דעם „אַנשלוס". פאַרשטייט זיך, אַז נישט די „טעריטאָריאַלע פּרעטענזיעס", גראָד פון אַ דייטשיש־באַוויזנטן געביט, האָבן אונדז באַוויזן צו זיין צופרידן מיטן „כאַפן זיך צו דער ביקס", נאָר טאַקע דאָס אַנטקעגנשטעלן זיך די היטלע־ריסטישע עקספּאַנסיע־פּלענער. פאַרשטענדלעך דעריבער, אַז אָן באַזונדערע רופן, אָן וועלכע ס׳איז באַוואָרעניש, האָבן אונדזערע חברים זיך געשטעלט אין דינסט פון קאַמף, אויף אַלע געביטן — מיליטערישן, ווי בירגערלעך־פאַרטיידיקונגס־אַרבעטן — מיט דער פולער איבערגעגעבנקייט, ווי נאָר די היטלעריסטישע האָרדעס זענען אַריבער די פּוילישע גרענעצן.

וועגן אַ גלייכצייטיקן אָנפאַל פון ביידע פּאָליטיש אַזוי קעגנ־זעצלעכע שוואַרצקייטן — בערלין־מאָסקווע — מיט פריינטלעך בשותּפותדיקן ציל צו צעטיילן צווישן זיך די טעריטאָריע פון פּוילן, האָט ביז אינמיטן פונעם טראַגישן סעפּטעמבער 1939, אויסגעזען צו זיין אַן אוממעגלעכקייט, לויט אַלע דאַן אָנגענומענע פּאָליטישע פּרינציפּן. דער „צווייטער פראָנט" — פון מזרח — האָט דעריבער דערפירט אַלע סאָציאַליסטישע גרופּירונגען (אויך די קאָמוניסטישע מאַסן, פאַר וועלכע די פּלוצימדיקע ענדערונג פון קרעמל איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע איבעררעשונג), צו אויפטרייסלונג און צעמישונג.

ב

די גרויליקייטן, וואָס דער ריבענטראָפּ־מאָלאָטאָוו אָפּמאַך האָט געבערענגט אויף דער פרידלעכער באַפעלקערונג פון פּוילן, בפרט פאַר די פּראָגרעסיווע עלעמענטן און יידן, האָט קיין שום באַוועגונג, אָדער יחידים אפילו, נישט פאָרויסגעזען, און אונזער באַוועגונג איז אין דעם פאַל נישט געווען קיין אויסנאַם. אויך איצט ווען די רעזול־טאַטן פון דער ביטערער דערפאַרונג ווערן גענומען אונטער אַ געשיכטלעכן אַנאַליז, איז אוממעגלעך אַנצוווייזן, וואָס האָט באַדאַרפן

און געקענט געטון ווערן, בכדי אויסצומיידן דעם אָנקום פון יענעם
שטורעם. ס׳איז אָבער ווערט זיך אָפּצושטעלן אויף אַן אַלגעמיינעם
פּעלער (וואָס האַלט אָן, ליידער, ווייטער) אינעם אויפפאַסן סאָציאַלע
פּראָבלעמען: דאָס דענקען אין אַבסטראַקטע קאַטעגאָריעס, זיך אָפּ־
געבן מער מיט ווייטע פראַגן, ווי מיט דעם טאָג־טעגלעכן אַרום,
מער מיטן פּנים צו „דער וועלט”, ווי צו זיך. נאָך אין די סאַמע
לעצטע טעג פאַרן אויסברוך פון קריג איז אין דער פּרעסע פון די
סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין פּוילן, און אויך אין אונדזערע גרופּן־
צוזאַמענטרעפונגען, אַלץ באַרירט געוואָרן די מעגלעכקייט פון אַנפאַל
(דאַן נאָך געקומען אין באַטראַכט — דייטשישער) אין ליכט פון
„וועלט־אָפּשפּיגלונג”. וויסנדיק וועגן דער שוואַכקייט פון אונדזערע
פאַרטיידיקונגס־מעגלעכקייטן קעגן דער מעכטיקער דייטשער קריגס־
מאַשין, איז פון אַלעמען גענומען געוואָרן נאָר אין חשבון, דאָס וואָס
פּוילן איז דער „קאָרידאָר” צווישן מזרח און מערב, און דאָס פאַר־
וואַנדלט זי אין אַ צינד־פּינקט פאַר אַ וועלט־שריפה. די גאַנצע אויפ־
מערקזאַמקייט איז דעריבער געשאָנקען געוואָרן דער „אָריענטאַציע”
אויף די אויסערלעכע כוחות. אַפילו די נאַציאָנאַל־שאָוויניסטישע
רעגירונגס־קרייזן, וואָס האָבן בסך־הכל מיט עטלעכע חדשים פריער
פאַרכאַפּט (לויט היטלער׳ס באַפעל) די טשעכישע פּראָווינץ זאַאָלזאַ
מיט „אייגענער שווערד” (וואָס אויך די פּ.פּ.ס. האָט אָנגענומען
אַלס „נאַציאָנאַלע דערגרייכונג”; דאַקעגן מיר, ווי אַלע אַנדערע פּראָ־
גרעסיווע בירגער, האָבן דערין געזען דעם קבר פאַר פּוילנס אומ־
אָפּהענגיקייט), האָבן איצט געוואָנדן זייערע אויגן צו די „גרויס־
מאַכטן”. ס׳איז לחלוטין גאָר נישט געטון געוואָרן אין די סאָציאַליס־
טישע רייען צוצוגרייטן אַן אייגענעם ווידערשטאַנד, לפּחות זאָרגן
פאַר דערהאַלטן באַוועגונגס־פּאָזיציעס, ווען די אויסערלעכע הילף
וועט נישט דערגרייכן. אויך אונדזער באַוועגונג, פאַר וועלכע „אונטער־
ערד” איז געווען אַ נאָרמאַלע דערשיינונג, האָט ליידער נישט געמאַכט
קיינע פאַרבאַרייטונגען איבערצובויען איר אָרגאַניזאַציע אַזוי אַז
זי זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען, וואָס וועלן זיך
באַלד איינשטעלן. (ערשט נאָכן אַריינמאַרש פון דייטשן אָקופּאַנט,
האָבן גאָר קליינע גרופּקעס זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין אַזויגע־
רופענע „5־טלעך”).

ווי נאָר ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער היטלעריסטישער בליץ־
אָנפאַל, און גאַנצע פּראָווינצן זענען אָקופּירט געוואָרן אין געציילטע

טעג, האָבן צוזאַמען מיט דער בהלהדיקער פּליטים־כוואַליע פון ציווילער־באַפעלקערונג, צוריקציענדיק זיך אין אַ „טיל" צום מזרח־גרענעץ, אויך געבלאָנדזשעט, אין תוהו ובוהו פון פייער און בלוט, די „פירער", „און מאַסן", דער פּאָליטיש־רייפער, ווי דער איינפאַכער אַרבעטס־מענטש. אַלע פּאַרטיי־צענטערס און באַוועגונגס־פאַרבינדונגען זענען אויף אַמאָל צעפאַלן. מענטשן פון פאַרשידענע ריכטונגען און קלאַסן, האָבן זיך ווי שאָטנס געראַנגלט פאַרן דערהאַלטן זייער קיום. צווישן אָט די האָבן זיך געפונען הונדערטער פון אונדזערע חברים, וואָס אַלס אַקטיווע רעוואָלוציאָנערן, האָבן זיי געמוזט פאַרלאָזן זייערע פּאָזיציעס און געטראָגן זיך מיט זייער טרוים אין אַן אומגעאַנטער ווירקלעכקייט.

ג

די דערמאָן זיך יענעם טאָג, דעם 14־טן סעפּטעמבער 1939 — די דייטשע טאַנקן האָבן אונדז דערגרייכט אויפן וועג קיין קאָברין. אונדזער לויפן האָט אָנגעהויבן אויסזען ציללאָז אין געיעגפאַרמעסט מיט די שטאָלענע טייוול־סילועטקעס. אין געדיכטן וואַלד האָט זיך נאָך געפונען אַ גרעסערע אָפּטיילונג פון פּוילישן מיליטער. עס איז אַרויסגעקומען אַ הויכער אָפיציר און ווענדענדיק זיך צו די ציווילע „וואַנדערער" און סאָלדאַטן האָט ער דערקלערט: „רוסלאַנד איז קעגן אונדז אַרויס אין קריג, מיר זענען נישט מער בכוח צו קעמפן קעגן אַזעלכע צוויי גרויס־מאַכטן. פּוילן ווערט צעטיילט צווישן די צוויי אָקופּאַנטן. מיר זענען געצוווּנגען זיך אונטערצוגעבן". דער דערמאָנטער מיליטערמאַן האָט דערנאָך צוגעגעבן זיין באַמערקונג, טאַקע אָן באַפוילערישקייט, געווענדעט צו די „פּוילישע בירגער פון משהס גלויבן": „גייט בעסער אין דער ריכטונג פון די ,רויטע' — צום מזרח; יעדן יידן, וואָס די דייטשן טרעפן אין די פראָנט־פּאָזיציעס שטעקן זיי אַריין אַ באַגנעט אין בויך"... מיט „משהס גלויבן" האָב איך געהאַט אַ קנאַפּע שייכות, אָבער מיין אויסזען ווי אַ קינד פון די יצחקס און יעקבס האָט דיקטירט אָנצונעמען זיין ראַט. און אַזוי האָבן געהאַנדלט טויזנטער ברידער פון מיין גורל. פאַר דעם דורכשניטלעכן יידישן בירגער פּינעם „געוועזענעם" פּוילן האָט דער וועג אויסגעזען ווי די איינציקע ישועה. באַדויערנדיק נאָר דאָס דערווייטערן זיך פון די פאַרלאָזטע היימען. די קאָמוניסטישע עלעמענטן

און זייערע סימפּאַטיקער, האָבן מיט פרייד מאַרשירט פאָרויס, וואָס די „רעוואָלוציע" גייט זיי אַנטקעגן. ס'האָט אַן אונדזעריקן פאַרפעלט מוט צו דערמאָנען זיי וועגן די טשיסטקעס פון „אויסלענדישע" קאָמוניסטן אין „זייער" לאַנד (וויפל טויזנטער פון זיי האָבן שפּעטער טאַקע געשמאַכט אין די לאַגערן פון סיביר אַלס „ווערענדי עלעמענט"). מיר, וואָס האָבן געקענט די שוואַרצקייט פונעם באָלשעוויסטישן רעזשים, האָבן זיך מיט אַ שווער געמיט געלאָזט אין יענער ריכטונג; אום צו ראַטעווען די גופים (וואָס אויך בנוגע דעם איז שפּעטער געקומען אַ ביטערע אַנטוישונג), האָט מען גענומען אויף זיך גייסטיקע וועגיטאַציע, יעדנפאַלס אויף אַ געוויסער צייט (אַזוי האָט מען גע־האָפט), דאָס אָפּזאָגן זיך פון דער אייגענער פרייהייט און אידעאישע שטרעבונגען.

ד

די ערשטע באַגעגעניש מיינע מיט די „שפּיצן" פון דער רויטער אַרמיי, האָט אַרויסגערופן אַן אַנגענומענעם איינדרוק. אין די פּאָר זעלנער, „ראַזוויעטשקעס" (אויסשפּירער), אַרום אַ מאַסיוון טאַנק, האָב איך דערזען די באַקאַנטע (דעמאָלט נאָר פון ליטעראַטור) רוסישע ברייטהאַרציקע טיפּן; ס'איז מיר שווער געווען צו באַגרייפן, ווי אַזעלכע קענען עס טריי דינען אַזאַ טייוולאָנישן רעזשים, — ערשט שפּעטער האָב איך קענענגעלערנט וואָסער טיפער תהום ס'ליגט צווישן רוסישן פאָלקס־מענטש און די הערשער פון קרעמל (ניט ווי אין דייטשלאַנד). גאַנץ פריינטלעך האָבן זיך די סאָלדאַטן מכבד געווען מיט מיינע ציגאַרעטן נאָכן אָפּגעבן זיי די ביקס און קוילן, מיט וועלכע כ'האָב זיך באַוואָפנט אויפן „הפקר־שטח" *, בכדי זיך צו פאַרטיידיקן פון ווילדע אָנפאַלער. זייער היימישע האַלטונג, אין קעגנזאַץ פון „ריצעריש" פוילישן מיליטאַריזם, די אָפּגעלאָזנקייט — מאַנטלען מיט אַראָפּהענגענדיקע צויטן, די באַגנעטן צוגעבונדן מיט

* נאָכן צעלויפן זיך פון דער פוילישער אַרמיי, אויף דער צווייטער זייט פון בוג, האָבן די דייטשן זיך צוריקגעצויגן איבערלאָזנדיק דעם געביט פאַר די רוסן צו אָקופּירן; זייער אַרמיי האָט זיך אָבער געשלעפּט מיט בערן־טריט, און אויף דעם „ליידיקן" שטח האָבן דאַן געווילדעוועט פוילישע נאַציאָנאַלע פאַנאַטישע גרופּן, אוקראַינער און סתם אָנפאַלער, וואָס האָבן געשאָסן אויף די צום מזרח־לויפנדיקע, און בעיקר יידן.

שטריקלעך צו די ביקסן — האָט זיי צוגעגעבן דעם „חן" פון אַ פּאָלקס־אַרמיי, אַפילו אַ פּאַרטיזאַנען אויסזען. דער ווייטערער צוזאַמענטרעף מיט דער ריזיקער מחנה רעגולער מאַרשירנדיקער אַרמיי, אָן ראַשיקע שליפּעס און קאָמאַנדיר־אָפּצייכענונגען (ערשט איינגעפירט אין ראַטנפאַרבאַנד בעת דער מלחמה), די חברישע באַציונג צווישן סאָלדאַט און זיינע באַפעלגעבערס, האָט דעם גוטן איינדרוק נישט אָפּגעשוואַכט. דער בירגערלעכער עלעמענט פון פּוילנס „געוועזענע" בירגער האָט אינעם אָרעמען אויסזען פון הונגער נאָכן מינדסטן לוקסוס פון עסן און קליידונג ביי די זעלנער פון „דרייסיקיאָריקן רעוואָלוציע־רעזשים", געפונען אַ באַרעכטיקונג פאַר זייער אַלטער טענה, אַז סאָציאַליזם — הייסט אויסגלייכן אַלע פאַר קבצנים, אָבער נישט פאַר מער וווילזיין. פאַר אַן אונדזעריקן איז אָט דאָס ווייניק געווען פאַר באַרעכטיקן אונזערע טענות צו דער פאַרקריפּלטער רעוואָלוציע; האָבן מיר דאָך פאַרשטאַנען די פיל שוועריקייטן מיט וואָס ס'איז פאַרבונדן געווען דאס אויפשטעלן אַ נייעם לעבנס־סדר דאָרט, ווו די ראָמאַנאָווס האָבן 300 יאָר געוועלטיקט. ביזן טרעפן זיך מיט דער „שטאַרקער האַנט" פון באָלשעוויזם — די ענקאַווידע און פאַרטיי, די רעזשים־האַלטער — האָט דער טייוול אויסגעזען ווייניקער שרעקלעך, ווי מ'האָט וועגן אים געהאַט די מיינונג. לגבי די פּליטים פון „יענער זייט" פּוילן, און טאַקע ס'רוב יידן, האָט די רויטע אַרמיי אַרויסגעוויזן אָרעמע, אָבער האַרציקע גאַסטפריינטלעכקייט. מיליטער'ישע קיכן האָבן געטיילט אומזיסט זופּן, ברויט און ווי ס'זאָל נישט זיין אויך באַזאָרגט קוואַרטירונג. די פּוילישע קאָמאַנדיסטן און זייערע סימפּאַטיקער — ווי די פּליטים אַזוי אויך אָרטיקע — האָבן זיך געריסן צו די פון זיי געטרוימטע קאָמיסאַרן־פּאָזיציעס, וועמען די אָקופּאַנטן־מאַכט האָט אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, איידער ס'זענען אָנגעקומען די „אַפּאַראַטן" פון ראַטנפאַרבאַנד. כאַראַקטעריסטיש, אַז פילע פון די בירגערליכע קרייזן, בפרט „עסאָס־טישע" טיפּן, האָבן זיך אויך געשטעלט אין דינסט פון נייעם רעזשים, אויב זיי האָבן דערזען, פאַרשטייט זיך, ביזנעס־צילן. אַ טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ, שרייבער און קינסטלער, האָבן זיך געשטופּט אין די אָפענע טויערן פאַר קאַריערע; פאַר אַ „טעלער בעסערע זופּ" געמאַכט אַביסל קנייטשן אין די „אַמאָליקע טעאָריעס" און געלאָזן אין גאַנג זייערע טאַלאַנטן לטובת דער „סאָציאַליסטישער" אינוואַזיע. אין דעם פאַל איז מיר באַקאַנט, אַז אונדזערע חברים, וואָס האָבן זיך

דאַן געפונען אויף „באַפרייטע" אוקראַיִנישע און ווייסרוסישע טערי־טאָריעס, און אויך די, וואָס זענען שפּעטער אָנגעקומען פון דער דייטשער זייט, אונטערן דרוק פון די דאָרטיקע פּאָגראָמען *, האָבן אין קיין פאַל נישט פאַרנומען ביי זיי קיין שום „פּירערישן" אמת.

## ה

צוליב דער קאַטאַסטראָפאַלער לאַגע, וואָס האָט געהערשט אינם סאָוויעטישן אָקופּאַציע־געביט, דעם אומגעלומפּערטן „איבערבוי־פּראָצעס", געפירט דורך קאָמענדאַטאָרישע באַפעלן, האָבן זיך פילע פּליטים געפילט געצוווּנגען צו פאָרן אַלס פרייוויליקע אין טיף ראַטנפאַרבאַנד. ס'רוב איז דאָס געווען טיפּישע אַרבעטער, וואָס האָבן נישט געקענט געפינען קיין באַשעפטיקונג און פון „שוואַרץ־האַנדל" (וואָס האָט מיטן אָנקום פון די סאָוויעטן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ריזן־פאַרנעם), נישט געוואָלט ציִען זייער חיונה. ביי אַלע אָפּשרעקנ־דיקע ידיעות וועגן אָרעמקייט, — אין זייער תמימותדיקייט האָבן די רויט־אַרמייער זעלבסט דערציילט, וועגן אַלץ וואָס ס'איז דאָרט נישט פאַראַן, — האָבן די „פרייוויליקע" דאָך געגלויבט, אַז אַלס אַרבעטער, מיט באַשיידענע פאַרלאַנגען, וועלן זיי דאָרט ווי ס'איז איבערקומען די קריגס־צייט. אינסטינקטיוו, מער ווי מיט לאָגיק, האָט יעדער געטראַכט, אַז מיט אָט דער „צעטיילונג" פון פוילן איז נישט פאַרענדיקט דער „בליץ־קריג", ס'וועלן נאָך קומען ווייטערע איבערטרייסלונגען, און דאַן אפשר וועלן זיי קאָנען צוריק דערגרייכן

---

* די שפּעטערע פּליטים („ביעזשעניקעס" — ווי מ'האָט זיי גערופן) האָבן פון אונדזערע חברים (עוואַ, פיניע, יוסף ב., שמואל אהרונסאָן, אַלטער צו די אייגענע היימען. צווישן אָט די זענען געווען אַ היפּשע צאַל געהאַט אויסצושטיין טויט־סכנה אויפן וועג צו דער „סאָציאַליסטישער" פאַרנומענער טעריטאָריע דורך די דייטשע פּאַטראָלן און פּוילישע פּאָגראָמ־טשיקעס, וואָס האָבן געמאָרדעט די וואַנדערנדיקע יידן. די רוסישע גרענעצן זענען שפּעטער געוואָרן פעסט־געשלאָסן; אויפן ביַיטראַלן־פּאַס האָבן זיך אָפּגעשפּילט בלוטיקע סצענעס — די פּליטים גרופּקעס זענען באַשאָסן גע־וואָרן אומרחמנותדיק פון די רויטע, ווי פון די ברוינע גרענעץ־וואַכן. די אויסוועגסלאָזיקייט, וויסנדיק דאָך, אַז אַלס יידן, וועלן זיי אויף יענער זייט פּטור ווערן פון „זאַנדער" פאַרפאָלגונגען, האָט שווערע טויזנטער געגעבן געוואַגטקייט דורכצוברעכן אויף ווילדע וועגן צו זייער רעטונגס־ציל. פילע פון זיי האָט דער גורל שפּעטער ביטער אָפּגעטאַרט.

האָפער* און אַנד.). דאָ האָט נישט דעצידירט „ווייניקער קעגנערשאַפט" צום סאָוויעטישן רעזשים, נאָר דאָס זוכן אַ רעטונג פאַרן יחידישן לעבן אין אַרבעט. פון די דאָזיקע „פּיאָנערן" האָט די ענקאַווידע קיין גרויס נחת נישט געהאַט; זיי האָבן די דאָרטיקע אַרבעטער, שוין אַטראָפירטע פון ווידערשטאַנד, אָנגעשטעקט מיט רעוואָלוציאָנערן גייסט, זיי האָבן מיטיק רעאַגירט אויף אומרעכטן און אפילו געוואַגט צו אָרגאַניזירן דעמאָנסטראַציעס. די נאָר וואָס געקומענע האָבן נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז זיין אַן אַרבעטער — הייסט זיין נאָר אַ מעכאַניזם, פאַר „נאָרמע"־אויספירונגען, אין די הענט פון דער סאָוויעטישער „נאַטשאַלסטוואָ", וואָס האָט זיך גענומען די מיסיע פון בויען סאָציאַליזם אויף שקלאַפן־פּלייצעס. אין רעזולטאַט פון אַזעלכע בונטאַרישע אַרויסטרעטונגען, זענען עטלעכע פון אונדזערע חברים פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. כאַראַקטעריסטיש איז אין דעם פאַל, אויף וואָסער כיטרען אופן אונדזער חבר, אַלטער האָפער, איז אַרעסטירט געוואָרן: פאַרשטייער פון ענקאַווידע זענען געקומען אין דער „אָבשטשעזשיטיע" (קאָלעקטיווער וווין־זאַל) פון די „פּאָלאַקן" (בדרך כלל האָט מען אַזוי גערופן אין ראַטנפאַרבאַנד די יידן פון פּוילן), און זיך אויסגעפרעגט וועגן זייערע טענות. היות אַלטער איז געווען פון די ראשי־המדברים, האָבן זיי אים „פאַרבעטן" אין „ביוראָ", בכדי צו פּראָטאָקאָלירן — און זיין געביין אין פאַרשוונדן. דאָס זעלבע איז געשען מיט פילע אַנדערע, וואָס זענען אַרויסגעטראָטן קעגן אומיושר אין לאַנד גון די „סאָציאַליסטישע" רעפּובליקן.

ס'זענען געווען אַ סך פאַלן פון געוואַגטע „דעזערטירן", וואָס זענען אַנטלאָפן פון טיפן „גן־עדן" אין „קאָרידאָר" — דעם אָקופּאַציע־געביט, — ווו אַ צייט האָט נאָך פאַרהעלטנסמעסיק געהערשט אַביסל פרייהייט. די טרויעריקע גרוסן, וועגן דער פאַרקריפּלונג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס זיי האָבן מיט זיך געבראַכט, האָט געווירקט אויף דער פּליטים־מאַסן נישט צו וועלן זוכן קיין „אַזיל" אין דער שכנותדיקער גרויסער מדינה. זיי האָבן געחלומט וועגן איבערלעבן דעם „דערוויילי" בדאַי אין אָרעמקייט, נאָר נעענטער צו די היימען. דער געוועזענער פּוילישער רעזשים, האָט אויך פאַר

* אויך זיין שוועסטער פאָלאַ איז געווען אַן איבערגעגעבענע בונד־גונגס־חברטע — זי איז אומגעקומען אין געטאָ.

רעוואָלוציאָנער־געשטימטע אַנגעהויבן צו ווערן אַ „פּריוואַטס־טרוים״, אין פאַרגלייך צו דער וואַקסנדיקער פאַרפאָלגונג פון דער ענקאווידע אויף דעם נייעם פון זיי באַהערשטן שטח. די מאַסן האָבן אויסגעדריקט זייער פאַרביטערונג דורך נישט וועלן אָננעמען קיין סאָוויעטישע פּעסער. אַ טייל — אויס פאַרצווייפלונג און אַנטוישונג * האָט אַפילו זיך צוריק אַריבערגעשמוגלט אין דער דייטשער אָקופּאַציע־זייט, הגם פון דאָרט זענען שוין דערגאַנגען געגנוג טרויעריקע ידיעות, דורך די אַנטלויפנדיקע פון יענער שוואַרצקייט.

ו

אין אַ יוני־נאַכט (1940) איז כמעט די גאַנצע פּליטים באַפעל־קערונג אַוועקגעפירט געוואָרן אין די ווייטע און קאַלטע געביטן פון ראַטנפאַרבאַנד — אַלס „באַדראָענדיקער עלעמענט״ — אין געפּאַקטע וואַגאָנעס ווי בהמות, אונטער דער שטרענגער אויפזיכט און ברוטאַלער באַהאַנדלונג פון די ענקאַווידע חיילות. דאָרט האָט זיך פאַר אַלע אָן אויסנאַם געעפנט דער טיפער אָפּגרונט פון סאָוויעטישן רעזשים. פיזיש, האָבן אונזערע חברים, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע „פאַר־משפטע״ (דורך קאָלעקטיווע אורטיילן) — וואָס האָבן געקלאָגט אויף זייער אומשולד — טראַגיש איבערגעטראָגן דעם הונגער, פּיין און שקלאַפערישע דיסציפּלין אין די לאַגערן און תפיסות, וואָס האָט טויזנטער געפירט צו איינזאַמע קברים אין וויסטעס; מאָראַליש האָבן מיר אָבער, אין אַלגעמיין גענומען, ווייניקער געליטן. ס׳האָט אונדז געמוטיקט דער פאַקט, וואָס לויט אונדזערע מעגלעכקייטן, האָבן מיר דעם רשעותדיקן רעזשים באַקעמפט, געטאַדלט די ראָל פון די „פּראָלעטאַרישע נאַטשאַלניקעס״, און מיט רעכט זיך באַטראַכט, ווי פּאָליטישע אַרעסטיר׳טע, וואָס מוזן ליידן פאַר זייערע איבערצייגונגען, ביז עס זענען צו אונדז דערגאַנגען די איוב־ידיעות פון די יידישע געטאָס אויף דער דייטשער זייט, האָבן מיר, אין „רוסישן פּלען״, זיך געהאַלטן פאַר די סאַמע אומגליקלעכסטע; ערשט פון די היטלער־רציחות זענען פאַרבלאַסט געוואָרן אונדזערע גהנומדיקע איבערלעבע־

* פון די ערשטע „צוריקלויפער״, וואָס האָבן נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק צו לעבן אונטערן קאָמיסאַרן־רעזשים, איז געווען „שלמה״ (לובלינער, פון מילאַ גאַס); שפּעטער אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ. געווען נאָך אַזעלכע חברים, זייערע נעמען שווער פעסטצושטעלן.

נישן, דאָס גרויסע בייז האָט געצוווּנגען צו מילדן אונדזער האַס צום רויטן־פֿאַשיזם. אין יאָר 1942 (אונטערן דרוק פֿון די אַלירטע) זענען אַלע פּוילישע בירגער מערסטנס באַפֿרייט געוואָרן פֿון די געשלאָסענע תּפֿיסות און לאַגערן, באַקומענדיק דאָס רעכט פֿון „האַלבע אַרעס־טאַנטן" (ווי אַלע סאָוויעטישע בירגער). פֿילע יונגעלייט, און אויך אַ טייל פֿון אונדזערע, האָבן זיך פֿרייוויליק אָנגעשלאָסן אין די רוסישע אָדער פּוילישע (דאָרט געשאַפֿענע) אַרמייען, צו קעמפֿן קעגן דעם באַרבאַרישן היטלעריזם. טיף אין האַרצן האָבן מיר אָבער נישט פֿאַר־געסן אונזער האַס צום „קלענערן בייז" — דעם באָלשעוויסטישן שקלאַפֿן־רעזשים. ווי נאָר די טויערן פֿון „רויטן גן־עדן" זענען נאָך דעם קריג געעפֿנט געוואָרן פֿאַר די פּוילישע בירגער, האָבן אַלע פֿאַרלאָזט אירע גרענעצן, הגם אויפֿן אָרט פֿון אונזערע אַלטע היימען האָבן אונז דערוואַרט נאָר חורבות.

## 24

## אין שאָטן פֿון טויט

### א

ווען וואַרשע איז שוין געשטאַנען אין פֿלאַמען און זיך פֿאַרטיידיקט מיט פֿאַרצווייפֿלדיקטער עקשנות (געפֿאַלן ערשט נאָכדעם ווי גאַנץ פּוילן איז שוין געווען אָקופּירט), האָבן אונדזערע דאָרטיקע חברים צווישן זיך אָנגעהאַלטן קאָנטאַקט. דאָס מאָל נאָר אין גייסט פֿון פֿער־זענלעכער פֿריינטשאַפֿט; געהאָלפֿן זיך קעגנזייטיק איבערטראָגן די נויט און פּיין, ביז טיילן זיך מיטן לעצטן ביסן. דער שווערער לעבנס־נסיון האָט באַוויזן, אַז די לערע וועגן קעגנזייטיקער הילף איז דער־גאַנגען אין פֿאַרווירקלעכונג ביז צו מסירות נפֿש. ווי נאָר די דייטשע האָרדעס האָבן אָנגעהויבן זייערע בלוטיקע ספּעקטאַקלען איז ווידער, בעיקר צווישן די יונגע מענטשן*, אַנטשטאַנען אַ לויף־פּאַניק און דאָן שוין מיט אַ באַשטימטן ציל — צו דער סאָוויעטישער אָקופּאַציע־

* אין די שטעטלעך נאָענט צו דער נייער סאָוויעטישער גרענעץ, זענען אַריבערגעלאָפֿן אין די שווערע טויזנטער משפּחות מיט קליינע קינדער אַפֿילו — און אויך די קינדער, צוזאַמען מיט זייערע, אָפֿט פּאָליטיש אומ־באַוווּסטע, עלטערן זענען פֿון דער ענקאַווידע פֿאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר אונטער דער באַצייכענונג „ס. אָ ע." (סאָציאַלני אָפּאַסני עלעמענט).

זייט. ס'האָבן דאָן אויסגעוואַנדערט פון וואַרשע און אַנדערע שטעט, יידן פון אַלע קרייזן, אַפילו רעליגיעזע, פאַר וועלכע סאָוויעטנלאַנד איז געווען אַ גאַטלאָזער זומפּ. געווען אויך פאַלן ווען אונדזערע חברים האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון „לויפן" צוליב זייער פּרינציפּיעלער איינשטעלונג, אַזביידע אָקופּאַנטן זענען פאַשיסטיש שוואַרץ. מערסטנס אָבער, וואָס זענען פאַרבליבן אויף די ערטער האָט דעציר־דירט ביי זיי זייער בישט וועלן לאָזן זייערע פאַמיליעס און נאָענטע (וואָס האָבן נישט געקענט מיטמאַכן דעם סכנהדיקן וועג) אויף גאָטס באַראָט. זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז צווישן די, וואָס האָבן זיך אָפּ־געזאָגט צו זוכן רעטונג פאַר זייער איך און זענען אומגעקומען ביים דערפילן זייער הייליקע פליכט, האָבן זיך געפונען די איידלסטע און פיין־פילנדיקסטע חברים אין חברטעס.

ב

מיטן אַראָפּלאָזן פון דעם ברוינעם געטאָ־פאָרהאַנג איבער דער יידישער באַפעלקערונג פון פוילן, איז אויף אייביק פאַר אונז געבליבן אַ סוד דער לעצטער וועג פון אַזויפיל ליבע אידעען־פריינד. די געציילטע, וואָס האָבן באַוויזן צוריקצוקומען פון יאָמער־טאָל, טראָגן מיט זיך, אין בעסטן פאַל, נאָר פראַגמענטן פון צופעליקן צוזאַמענטרעפן זיך מיט אייגענע, וואָס די אָפטע טויט־געיעגן פון די דייטשן האָבן געמאַכט אומעגלעך ווייניקע פּרטים, איז מיר גע־לונגען אויפצוכאַפּן אין די ערשטע חדשים נאָכן קריג (1945), גע־פינענדיק קוים אַ קנאַפּן צענדליק חברים, וואָס האָבן מיטגעמאַכט דעם געטאָ־לעבן (און פון זיי — נאָר געציילטע ביז דער „ליקווי־דאַציע"; ס'רוב זענען אין צווישן־צייט געווען אויף דער „אַרישער" זייט, אויסבאַהאַלטנדיק זיך ביי אונזערע פוילישע חברים און סימ־פּאַטיקער). דאָס וואָס זיי האָבן מיר מיטגעטיילט, האָט מיך איבער־צייגט, אַז דאָרט ווו ס'האָבן נאָר אין נאָענטקייט געקלאַפּט הערצער פון אונזערע חברים — אין סאַמע מוראַדיקסטע באַדינגונגען ,איז פאַר זיי דאָס צוזאַמענזיין געווען אַ טרייסט. די פריינטשאַפט וואָס איז פאַרבונדן געוואָרן אין טעג פון קאַמף, האָט פאַרטריבן זייער טראַגישע איינזאַמקייט אפילו ווען זיי האָבן זיך געפונען ווי קרבנות צווישן די נעגל פון אַלמענטשלעכן שונא; אָפטמאָל האָט דאָס צוזאַמענזיין מאָמענטנווייז זיי געהאָלפן זיך צו דערהויבן און זען ווייטער צו וועבן די טרוימען וועגן ווייטע צוקונפטס־וויזיעס.

ג

אין די ערשטע צייט פֿון געטאָ־לעבן זענען נאָך פֿאָרגעקומען קליינע גרופּן־פֿאַרזאַמלונגען, ווו ס׳זענען קודם־כּל באַרירט געוואָרן די פֿראַגע פֿון נעמען אַ שטעלונג צו די ספּעציפֿישע געזעלשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען, פֿון אונדזער שטאַנדפּונקט, און מעטאָדן פֿון אַנטקעגנשטעלן זיך די דירעקטע אינערלעכע מאַכט־האָבערס. אַן אָפּשפּיגלונג פֿון יענער צייט באַקומען מיר אין דעם עדות־זאָגן פֿון דעם צום גליק לעבנגעבליבענעם חבר („העניעק״ ל״ץ) פֿון לאָדזש, אַז מיטן צוזאַמענטרעפֿן זיך (1940) פֿון עטלעכע חברים אין דאָרטיקן געטאָ, אַלס אָרגאַניזאַציע־מיטגלידער, האָבן זיי זיך געשטעלט אַ טאָפּלטן ציל. זיי האָבן דאַן נאָך געגלייבט, אַז דער כּלל וועט דאָך אַרויס פֿון די קאָשמאַרע געטאָ־ווענט, מיטן ענדיקן זיך פֿון קריג — האָבן זיי דעריבער געוואָלט אָנהאַלטן אַ קערן, וואָס זאָל שפּעטער פֿעיִק זיין צוריק אויפֿצולעבן די באַוועגונגס־טעטיקייט; צווייטנס, האָבן זיי געוואָלט פּרוּוון אָרגאַניזירן זעלבסט־פֿאַרטיידיקונגס־קעמערלעך קעגן דער „אינערלעכער״ (רומקאָווסקי־באַנדע) און אויסערלעכער (היטלעריסטישע) הערשונג. אַ באַזונדער אויפֿמערקזאַמקייט האָבן זיי געשאָנקען די דעמאָלס אַנטשטאַנענע „הויז־קאָמיטעטן״, מיטן ציל צו פֿאַרהיטן, אַז די הונגער־צוטיילונגען זאָלן נישט צעראַבירט ווערן דורך די פֿינצטערע עלעמענטן. אונדזערע חברים, אַלס אָנהענגער פֿון „ראַטן געבויט פֿון אונטן״, האָבן אין אָט די „פֿאַרבאַנדן״ געזען אַ געזונטן געזעלשאַפֿטלעכן טעטיקייטס־מעטאָד. די דערמאָנטע גרופּע האָט אויף איינע פֿון אירע זיצונגען אָנגענומען אַ באַשלוס (וואָס איז טאַקע פּראָטאָקאָלירט געוואָרן פֿון דערמאָנטן חבר און דאָס „געהיימע דאָקומענטל״ געפֿינט זיך נאָך ביי אים), צו העלפֿן אָרגאַניזירן אָט־די הויז־קאָמיטעטן און שטיין אויף דער וואַך, אַז די צילן זייערע זאָלן ווערן דערגרייכט. אין דעם „פּראָטאָקאָל״ געפֿינען זיך אויך טענות וועגן אָנגענומענע אַנאַרכיסטישע „ענד־צילן״, וואָס דאָס איבערחזרן זיי האָט נאָר געהאַט דעמאָלט פֿאַר זיי — די פֿאַרעקשנטע טרוימער — אַן איבערצייגונגס־ווערט; די גרויסע מאַסע געטאָ־קרבנות, געלעבט אונטער אַ באַגרענעצטן שוואַרצן הימל־שטיק, האָבן געזוכט לעזונג פֿאַרן דערגרייכן דעם גאַנצן קאַרטאָפֿל און שטיקל ברויט צו שטילן דעם שטיקנדיקן הונגער. איז דעריבער נאָר די ווידמונג פֿון דער גרופּע לטובֿת די הויז־קאָמיטעטן געקרוינט געוואָרן מיט היפּשן דערפֿאָלג. דאָס זעלבע איז אויך באַקאַנט וועגן

וואַרשע, אַז די הויך־געבילדעטע „האַלינאַ״ (לעוו) און אַנדערע חברים און חברטעס, מיט ברייטע וועלט־בליקן, האָבן זיך אין געטאָ געווידמעט דער אָרגאַניזירונג פון הויז־קאָמיטעטן (פאַר דערהאַלטן עלעמענטאַר־היגיעניש־באַדינגונגען, הילפס־טעטיקייט), געשאַפן פאָלקס־קיכן און אינגאַנצן געאָפּפערט זייער לעבן פאַר די טעגלעכע נויטן פון די מיט־מענטשן. דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פון זייער טיפער איבערצייגונג, אַז אין אַלע באַדינגונגען איז מחייב דער פּרינציפּ פון ד י ר ע ק ט ע ר  אַ ק צ י ע, — די ליידנדיקע אַליין, זאָלן זיך דער־הויבן צו דער מדרגה פון באַפרייער, אָדער לפּחות פאַרמינערן זייערע ליידן דורך קעגנזייטיק זיך העלפן. ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די אויסראָטונגס־אַקציעס, זענען ליידער אַלע צעשטויבט געוואָרן אין אומבאַהאָלפענע איינזאַמע יחידים, געטריבן אין האָפענונגסלאָזע טויט־אָפּגרונטן.

ד

**ד**ויטן דראַנג צו רעוואָלוציאָנערע קאַמף־מעשים ביי אונדזערע חברים, נאָך אין די „גוטע צייטן״, איז קלאָר, אַז צווישן די העלדן פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין די געטאָס און בונטן אין די טויטן־לאַגער, האָבן אויך זיי זיך געפונען. ליידער איז ביז איצט נישט געלונגען פעסטצושטעלן זייערע נעמען און ראָלן אין דעם העראָאישן קאַפּיטל. דער סאַמע פּאָזיטיווסטער שטריך ביי די אונדזערע ריקע איז פון שטענדיק אָן געווען, דאָס וואָס ביי דירעקטע קאַמפס־טאַטן, איז קיינמאָל נישט געזאָרגט געוואָרן פאַרן „פּאַרטייאישן עפעקט״ — זיי האָבן ניט געליטן פון דעם אַזוי גערופענעם באַוועגונגס־פּאַטריאָטיזם. ס׳איז ביי אונדז געווען אַ דורכשניטלעכע דערשיינונג, אַז אונדזערע חברים זאָלן אָרגאַניזירן שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס, לטובת באַשטימטע סאָציאַלע פּאָדערונגען און דערביי ווירקן אַנאָנים — אָן „רעקלאַמע״ פאַר די אויספירער אָדער פאַר דער באַוועגונג אפילו. ס׳זענען מיר באַקאַנט פיל מאַסן־אַרויסטריטן, וואָס זענען דירעקט אינספּירירט געוואָרן דורך דער פעדעראַציע, אָדער אריער־גרופּן, וועלכע זענען קיינמאָל נישט דיסקאָנטירט געוואָרן אַלס „אונדזער אויפטו״, ווי דאָס איז געווען דער שטייגער ביי די „צענטראַל־קאָמיטעטן״ (אפילו איבערטרייבנדיק, אין געוויסע פאַלן). ביי אונדז איז געווען אָנגענומען אונטערצושטרייכן די איניציאַטיוו פון די מאַסן, זייער דערגיין צו סאָציאַלן באַוווסטזיין. אונדזער ווירקן דערצו

איז באַטראַכט געוואָרן, ווי אַ רעוואָלוציאָנערע פליכט, פאַר וועלכער עס קומט נישט קיינעם קיין דאַנק, און נישט „אָנערקענונג פון דער געשיכטע״. ס׳איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז בעת די געטאָ־אויפשטאַנדן האָבן אונדזערע חברים זיך אָנגעשלאָסן אין די קאַמפּס־גרופּן — אַנאָנים, באַשיידן, אָן קאָמאַנדע־אַמביציעס, און זיכער מיט ציינקריצעניש אויפגענומען פאַרטייאישע חשבונות (וואָס קומט לײדער צום אויסדרוק אין די געשיכטלעכע דאָקומענטן), וואָס זיי האָבן אַלע מאָל אַזוי ענערגיש באַקעמפט. דערהייבן דעם מאַסן־מענטש צו גרויסע רעוואָלוציאָנערע טאַטן, צו ווערן מיטבאַטייליקער אין דער געשטאַלטיקונג פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן — איז געווען זייער העכסטער לעבנס־ציל; שטענדיק זיך באַמיט צונויפצוגיסן זיך מיט דער מאַסע, ווי איינער פון זיי, אָן פרעטענזיעס אויף פּריווי־לעגיעס, בכדי צו הויבן די חשיבות פון אַרבעטער און מענטש; אויב נויטיק — אומקומען מיט זיי, ווי אומבאַקאַנטע זעלנער, אין בכבודיקן קאַמף און לײדער נאָר דאָס לעצטע איז זיי באַשערט געווען. יעדער מאַסן־אַרויסטריט איז פאַר זיי געווען אַ זונען־שטראַל, אַ צוקונפטס־גרוס פון מענטשן־גלייכהייט, אָן „פירער״ און געפירטע — דאָס האָט זיי באַגלייט אין די לעצטע לעבנס־מינוטן. דער באַוואָפנטער אויפ־שטאַנד פון די געשמידטע אין בלוטקייטן פון די ס׳רוב נאָמענלאָזע געטאָ־קעמפער — וואַרפט אַ שיין אויך אויף די אומבאַקאַנטע קברים פון אונזערע חברים.

## ה

די פּוילישע חברים זענען ס׳רוב געבליבן אויף די ערטער; נאָר געציילטע, צופיל באַקאַנטע דער פּאָליציי, זענען אַריבער אין רוסישן אָקופּאַציע־געביט. זיי, נישט זייענדיק באַדראָט בלויז צוליבן „אויס־זען״*, האָבן אַנטלויפן באַטראַכט אַלס דעזערציע פון קאַמפּס־פּלאַץ. גלייך נאָכן אַריינמאַרש פון די ס׳ס״־באַנדעס, זענען עטלעכע טוערס

* געווען אַ פאַל ווען אונדזערס אַ פּוילישער חבר איז דורך די דייטשן באַפאַלן געוואָרן אויף דער גאַס פאַר זיין „יידישן אויסזען״ (ברונעטער, מיט טיפּיש יידישלעכער לאַנגער נאָז, — זיין נאָמען, לײדער פאַרגעסן), אָבער ס׳איז אים געווען דערווידער צו פאַרטיידיקן זיך מיט דער דערקלערונג „קיינע יודע״. ער האָט „יודע״ בשום אופן נישט אָנערקענט אַלס „זינד״; ערשט די פּוילישע דורכגייער, צופעליק באַקאַנטע, האָבן אים אָפּגעראַטעוועט מיט זייער „עדות זאָגן״, אַז ער איז אַן אמתער „אַריער״.

אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פאַרכאַפּט געוואָרן פון די דייטשן. איבער אַלע שווערקייטן האָבן זיי אָבער דערהאַלטן צווישן זיך אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן קאָנטאַקט און אַפילו אַרויסגעוויזן טעטיקייטס־סימנים אין דער גאַנצער צייט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. ווי נאָר ס׳זענען אָוועקגעשטעלט געוואָרן די געטאָ־מויערן אַרום די יידישע קוואַרטאַלן, איז די הויפּט־אויפגאַבע פון די פּוילישע חברים געוואָרן דורכצורייסן זיך צו די יידישע אידעען־ברידער מיט ממשות־דיקער הילף. שפּעטער מיטן אָנקום פון די „אויסזידלונג״־אַקציעס האָבן זיי געמאַכט אָנשטרענגונגען אַרויסצוראַטעווען חברים אויף דער „אַרישער״ זייט. די אַקטיווסטע זענען דערביי געווען טאַקע די, וואָס האָבן פון פריער גוט געקענט און פריינטלעך זיך איינגעלעבט אין דער סביבה פון די יידישע גרופּן. אונטער דעם שרעקלעכן טעראָר־רעזשים, האָבן די פּוילישע גרופּן אַפילו באַוויזן אַרויסצוגעבן עטלעכע נומערן „וואַלקאַ־קלאַס״, וואָס איז בעיקר געווען געווידמעט דעם רוף צו אייניקייט פון אַלע פּראָגרעסיווע כוחות אין קאַמף קעגן געמיינזאַמען שונא. אַלס אָרגאַניזירטער כוח, האָבן זיי אַ צייט צו־זאַמענגעאַרבעט מיט די לינקע גרופּירונגען פון פּ.פּ.ס. און געהאָלפן יעדן דירעקטן ווידערשטאַנדס־אַקט פון וועלכער פּאַרטיי זי זאָל נישט האָבן געקומען, אויב דער ציל איז נאָר געווען אין ריכטונג פון פאַר־טרייבן דעם העסלעכן אָקופּאַנט. אין הסכם מיט אונזער אידעאישן צוגאַנג, איז זיי פרעמד געווען די „הויך־פּאָליטיק״ (אַ שטייגער פון פּ.פּ.ס.) און „סטראַטעגישע״ אויסרעכענונגען פון די „סאָציאַליס־טישע״ פּאַרטייען, וואָס האָבן געקוקט אויף די ליידן און קאַמפּס־לוסט פון די פאַרשפּאַרטע אין געטאָ אַלס „פאַרשפּילטע פּאָזיציע״, כמעט פאַר־בייגעענדיק זי אין אָנבליק פון די „גרויסע צילן״. אונדזערע פּוילישע חברים האָבן אין דער רעטונגס־אַרבעט לטובת די „פאַרשפּילטע״ געזען אַן אומטיילבאַרע אויפגאַבע פון פרייהייטס־קאַמף. וועגן אויס־באַהאַלטן יידן און אַקטיווער באַוועגונגס־טעטיקייט — פאַרביידע זאַכן האָט דער נאַצי געדראָאָט מיט טויט — האָט פאַר מיר „יולעק״ (ר״ק) דערציילט ווי וועגן איין געביט; ער האָט נאָר באַמערקט: „ווען ,בראָנקע׳ און ,עדושע׳ (ביי אים אויסבאַהאַלטענע יידישע חברטעס), האָבן מיר געהאָלפן אַרומוויקלען די „וואַלקאַ קלאַס״־עקזעמפּלאַרן אויף די פיס און קערפּער, בכדי אַזוי אַרום דערטראָגן זיי צו די לייענער, האָב איך, אַרויסקומענדיק אויף דער גאַס ,באַ־לאָדן׳, דערפילט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דריי לעבנס״ — —

(ער איז געווען זייער באַשפּייזער, אַ צייט דערנערט זיי דורך ברענגען בייטעלעך צו קלעפּן, וואָס ער האָט פֿאַרקויפֿט אין גאַס, און באַדינט מיט אַלץ, זיי זאָלן נישט באַמערקט ווערן פֿון די שכנים). ס'ווילט זיך אים נאָר דערגאַנצן מיט נאָך אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס ער האָט אין אַזעלכע מאָמענטן געטראָגן: טריישאַפֿט צו זיין אידעאישער איבערצייגונג. אַזעלכע ווי „יולעק", ווען ס'איז געלונגען אַנצוגיין מיט זיין טעטיקייט ביזן סוף פֿון דער היטלער־אָקופּאַציע, און זוכה געווען צו טיילן זיך מיט זיינע ערינערונגען פֿאַר די לעבענגעבליבענע, און „יוזשעק" (יוזעף דובאָווסקי — דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן ביים דורכגנבענען די געטאָ־מויערן, טראָגנדיק ברויט פֿאַר די באַלאַגערטע חברים), „קאָסטעק" (קאָנסטאַנטין) און זיין פֿרוי „מאַרישאַ" (מילאַשעוויטש, אַליין אַוועקגעטראָגן די קאַרטאָפֿל און גרינוואַרג פֿון זייער קליינעם גאָרטן הינטער וואַרשע פֿאַר די הונגער־ליידנדיקע) און „סטאַך" (פּיוּקאָ — געטון אַלץ, וואָס אין זיינע מעגלעכקייטן לטובֿת ליידנדיקע יידן; די לעצטע — פּאַציפֿיסטן, לובעצקיס תּלמידים) זענען, צום באַדויערן, נישט געווען קיין סך. זיי וואַרפֿן אָבער אַ ליכט אויפֿן באַדייט פֿון אינטערנאַציאָנאַלער פֿאַרבריִדערונג. אונדזער באַוועגונג, וואָס האָט פֿאַר דעם אַזוי ערנסט געזאָרגט, האָט דאָס רעכט — פֿאַרהעלטנסמעסיק צו איר באַגרענצ־טער איינפֿלוס־ספֿערע אין פּוילן — אַרויסצוהייבן די וויניקע אָבער געטרייע פֿאַרווירקלעכער פֿון אונדזערע פּרינציפּן, אַלס ביישפּיל, אַז אין אָנבליק פֿון נאַציאָנאַל שאָוויניסטישער רעאַקציע, ליגט נישט נאָר די רעטונג אין איינשליסן זיך אין ענג נאַציאָנאַלע ראַמען. אין פֿאַרברידערונג מיט פֿרייהייטס־ליבענדיקע סאָציאַליסטן — פֿון אַלע פֿעלקער—ליגט די פֿאַרטיידיקונגס־קראַפֿט קעגן אויפֿברויז פֿון נאַציאָ־נאַלע שגעונס, וואָס פֿירן צו דער פֿאַרניכטונג פֿון מענטשלעכע לעבנס.

אונדזערע יידישע חברים, נאָכן איבערלעבן דעם יאושדיקן גרויל, שפּאַנענדיק איבער די חורבֿות פֿון זייערע היימען און קבֿרים פֿון די נאָענטסטע און ליבסטע, וואָס זענען אומגעקומען אין אויפֿברויז פֿון רשעות, האָבן די מענטשלעכע און סאָציאַליסטישע מעשׂים פֿון די געציילטע, געמוטיקט אין ווייטערן שטרעבן צום אַנאַרכיסטישן אידעאַל און מיט צוטרוי קוקן אין צוקונפֿט. אָט די שטימונג לייענען מיר אַרויס אין די ווייטער געבראַכטע שורות געשריבן נאָך דער ערשטער באַגעגעניש מיט אַ געראַטעוועט יידיש קינד, אַ דאַנק דער הילף פֿון פּוילישע אידעען־פֿריינט:

25

## דיין פיין — א ווארענונג!

דו, יונג יידיש קינד,
וואָס האָסט שוין דערקענט
אַזויפיל מענטשן־האַס
זיי־זשע וויסן, אז
אויף דער וועלט זיך געפינט
מענטשן ליבנדיקע און גוטע;
כאָטש זייער צאָל איז קליין
און זעלטן זיי דו טרעפסט —
„ליב דיין חבר, ווי זיך אַליין״
און ס׳וועט נאָך אַ גוטער מענטש
אויף דער וועלט זיין.

און ווען נאָך אַ צווייט און דריט
— קינד פון אַ ייד, אָדער גוי —
יועט טראַכטן אַט אַזוי,
וועט אונזער טרוים — די צוקונפט
הערלעך זיין און זיס,
דער לעבן אַ קוואַל פון גליק און פרייד
פאַר מענטשן אויף געוויס.
זאָל דיין דורכגעלעבטע פיין
פאַר דער צוקונפט אַביישפיל זיין,
אַז מענטשן און פעלקער־האַס
מוז דערפירן, אַז —
די וועלט זאָל אונטערגיין.

*

זאָג מיט זיכערהייט
דעם צווייטן יידישן קינד —
דיין פריינט,
און דעם נישט־יידישן קינד —
וואָס האָט דיך פיינט,
בלויז דערפאַר, וואָס ביסט אַ ייד,
— אַז דער וואָס מענטשן־האַס פאַרזייט,
דער גראָבט אַ גרוב פאַר זיך אַליין,
ווייל מענטשן און פעלקער־האַס —
פירט צו דעם, אַז
די וועלט זאָל אונטערגיין!

19־טער יוני, 1945. סערזשאַנט ל־ה גלייוויץ, פ־פ. 28531

און אָט די וואָרענונג דאַרף מען פון אונדז אומאופהערלעך ווערן איבערגעחזרט, ווי אומפאַרגעסלעך ס׳איז פאַר אונדז די פיין פון בלוטיקן ביישפיל, וואָס האָט געקאָסט אַזוי פיל קרבנות.

## 26

# אויף נייע וועגן

דער טרוים פון איבערלעבן דעם היטלער־קאָשמאַר איז ליידער
נאָר געוואָרן אַ ווירקלעכקייט פאַר אַ פּאָר צענדליק יידישע
חברים פון דער באַוועגונג. ס׳רוב פון זיי, די, וועלכע האָבן באַוויזן
אויסצוהאַלטן דעם גהנומדיקן גלות אין ראַטנפאַרבאַנד, פון די וואָס
האָבן זיך געפונען אויף דער „אַרישער זייט" און פון די אין „בונ־
קער"־באַהאַלטענע — זענען נאָר ניצול געוואָרן יחידים. אין אָנבליק
פון דער נייער פּוילישער ווירקלעכקייט — ווו נאָך דער באַפרייאונג
דורך דער רויטער אַרמיי זענען די פּאַקטישע באַלעבאַטים פון לאַנד
געוואָרן די „קרעמל־פירער" — איז קלאָר געוואָרן פאַר די גערא־
טעוועטע פון „ביידע זייטן", אַז קיין צוריק צום אַלטן לעבנס־סדר
איז נישטאָ, מ׳מוז גיין אויף נייע וועגן. פּונקט ווי בעתן אָקופּירן
פּוילנס מזרח־געביטן (1939), האָבן אויך די סאָוויעטן־מאַכט אַלס
„באַפרייער פון גאַנץ פּוילן" (1944—5), „געדולדעט" דאָן אַביסל
פרייהייט פאַר די „נייע" בירגער; געטון אַלץ צו געווינען פאַרן
„נייעם רעזשים" (מכלומרשטער פּוילישער זעלבסטשטענדיקייט) די
לינקע גרופּירונגען פון די אַרבעטער באַוועגונגען. די פּוילישע
חברים — געבליבענע אויף די ערטער, זענען על־פּי־רוב אַרונטער־
געפאַלן אונטער דעם איינפלוס פון דער סאָוויעטישער דעמאַגאָגיע
וועגן „זעלבסטשטענדיקייט פון פּוילישן פּראָלעטאַריאַט". ביים פאַר־
נעמען די אַזוי גערופענע סאַטעליטן לענדער האָבן די קרעמל־לייט
פּראָקלאַמירט דעם „טיטאָאיזם" אין אַ גאָר ברייטן זינען. די סינדי־
קאַליסטישע מיטגלידער האָבן אפילו געגלויבט, אַז אין דעם ראַם פון
„פּאַראייניקטער אַרבעטער פּאַרטיי" (פּ.פּ.ר.) וועלן זיי געניסן פון
געוויסע אויטאָנאָמיע רעכט, אַלס געשלאָסענע גרופּע, ווי זיי זענען
דאָך אָנערקענט געוואָרן ביים חתמענען די פּראָקלאַמירונג פון דער
נייער „פּוילישער דעמאָקראַטישער רעגירונג" (אין כעלם — די ערשטע
באַפרייטע שטאָט פון פּוילן דורך דער רויטער אַרמיי). פּילע גע־
וועזענע אָרגאַניזאַציע־אַקטיוויסטן האָבן זיך געשטעלט אין דינסט
פונעם נייעם רעזשים, אַ טייל האָבן ביי זיי אַפילו פאַרנומען אָנגע־
זעענע פּאָסטנס. און גלייך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מיטאַרבעט
האָט זיי געפירט צו האַנדלען אין קעגנזאַץ צו אונזער אידעאָלאָגיע.
כאַראַקטעריסטיש, אַז אויך עטלעכע יידישע חברים, וועלכע האָבן

איבערגעלעבט די היטלער־אָקופּאַציע אויף דער „אַרישער" זייט,
זענען אַוועק אויף דעמזעלבן וועג. „מ־ק" איז געוואָרן אַ גרויסע
„שישקע" אין דער נייער פּראָפעסיאָנעלער מלוכהשער אָרגאַניזאַציע,
וואָס האָט שוין דאַן אָנגעהויבן פאַרנעמען זיך מיט קאָנטראָלירן די
פּראָדוקטיווּיטעט פון די אַרבעטער — אַנשטאָט באַשיצן זייערע אינ־
טערעסן. אויף די מאַסן־מיטינגן, ווו ער איז דאַן אַרויסגעטראָטן מיט
זיינע נייע „רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן", האָט מען אים נישט גע־
שאַנעוועט, אים צוגעוואָרפן בייסיקע צווישנרופן, וואָס ער אַליין
האָט אַמאָל געלאָזט אין גאַנג קעגן די קאָמוניסטן. צי האָט ער טאַקע
געביטן זיינע אָנשויאונגען, אונטערן דרוק פון די שרעקלעכע איבער־
לעבענישן, נישט גלויבנדיק מער אין דערפירן דעם אַנאַרכיסטישן
טרוים צו פאַרווירקלעכונג, — אָדער אפשר איז ער גאָר פאַרכאַפּט
געוואָרן פון די גרויסע פּריווילעגיעס און באַקוועמען קאָמיסאַרן־
לעבן, נאָכן אָפּפינצטערן יאָרן אין באַהעלטענישן און בונקערס —
בלייבט אַ רעטעניש. דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערן וועגן ברונעטן
ט־ש., וואָס האָט פאַרנומען אין דער נייער פּוילישער דיפּלאָמאַטיע
אַן אָנגעזעענעם אַמט אין איינע פון אירע אויסלענדישע קאָנסולאַטן;
דאָס זעלבע האָט פּאַסירט ביי דעם פּוילישן חבר „יאַנעק", וואָס האָט
אָנגענומען דעם ראַנג פון „וואָיעוואָדע" מיט אַנדערע קלעטערער
אויפן קאַריערע־לייטער. דער גוט־באַקאַנטער און טעטיקער חבר פּ־ל,
וואָס איז נאָך אויך דאַן געווען טיף דורכגענומען מיט פּאַטאָס וועגן
אונדזער אידעאישער שטרעבונג (אָנגענומען ביי „זיי" אַ באַשיידענעם
אַרבעטס־פּלאַץ), האָט מיר געפּרוווט טעאָרעטיש באַגרינדן די נויט־
ווענדיקייט פון צוזאַמענאַרבעט מיט דער נייער דעמאָקראַטיע. ער
האָט געגלויבט, אַז אין די נייע באַדינגונגען איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט
פאַר פירן אַ ברייטע סינדיקאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, ווייל סוף־כל־
סוף ליגט אַלץ אין די הענט פון די אַרבעטער־מאַסן גופא. דערביי
האָט ער אויפמערקזאַם געמאַכט אויף די פאַרזיכערונג פון אַ פּוילישן
קאָמוניסטישן מיניסטער (איצט אונטער „פאַרדאַכט"), אַז „די אַנאַר־
כיסטן וועלן ווערן טאָלערירט" — — — פּ־ל, ווי אַנדערע ערלעך־
געבליבענע חברים האָבן זיך אַלץ געהאַלטן ביי דער מיינונג, אַז
אין פּוילן וועלן די באָלשעוויקעס מוזן פירן אַ „דעליקאַטערע" פּאָלי־
טיק, רעכענענדיק זיך מיט די רעוואָלוציאָנערע נייגונגען און
טראַדיציע פון די פּוילישע מאַסן.

די געקומענע פון „יענער זייט" — זענען פריי געווען פון אַזעלכע

אילוזיעס. האָבנדיק הינטער זיך די דערפֿאַרונג פֿון 5 יאָר ענקאַווידע־
רעזשים, באַקענענדיק פֿון דער נאָענט זייער שנאה צו יעדן יחיד,
וואָס ווייזט אַרויס סימנים פֿון זעלבסטשטענדיקן דענקען, זענען מיר
געווען איבערצייגט, אַז אויך פּוילן וועט זיין אַן אָביעקט פֿאַר זייער
גלייכשאַלטונגס קרייץ־צוג. דאָס „נייע" פּוילן — די קבֿרים ערד פֿון
אונדזער געוועזענער לעבנס־סבֿיבֿה, מיט דעם מער פֿאַרטיפֿטן אַנטי־
סעמיטיזם און „סאָוויעטיזאַציע" — איז פֿונם רובֿ יידישע חבֿרים מער
נישט באַטראַכט געוואָרן אַלס היימלאַנד; די וואָס האָבן אַפֿילו נאָך
די אַלע יאוש־יאָרן ווייטער געשטרעבט צו אידעאישער טעטיקייט,
האָבן זיך, אין זייער מידקייט, מער נישט געפֿילט בכּוח פֿאָרצוזעצן
זייערע צילן אויף דעם פֿרעמד־געוואָרענעם און שווערן באָדן. דורך
די דאַמאָלס נישט פֿעסטגעשלאָסענע גרענעצן, האָבן זיי זיך געלאָזט
אויף נייע וועלט־וועגן (מערסטנס אָן אַ באַשטימטן וווהין), צו גע־
פֿינען אַ מקום־מקלט, צוריק אַריינצוגלידערן זיך אין אַ „נאָרמאַלן"
לעבן, מיט דער האָפֿענונג ווייטער פֿאָרצוזעצן זייער אידעאישע
טעטיקייט.

## 27

# טרוים אין פֿאַרווירקלעכונג

### א

דאָס רובֿ מיטגלידער פֿון דער אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישער אָרגאַ־
ניזאַציע איז באַשטאַנען פֿון אַרבעטער, וועלכע האָבן שוין אין
זייער פֿריער יוגנט דירעקט דערפֿילט די געזעלשאַפֿטלעכע אומרעכטן,
די קלאַסן־צעטיילונג. זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די פּראָפֿעסיאָ־
נעלע פֿאַריינען, בכדי צו שטאַרקן זייער קלאַסן־פּאָזיציע. צו דער
זעלביקער צייט האָבן זיי אין די פֿאַך־פֿאַרבאַנדן געוואָלט זען דעם
ווירקונגס־פֿאַקטאָר פֿאַר ענדערן די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג. זיי
האָבן זיך אָבער גיך איבערצייגט, אַז די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציאָ־
נערע אויפֿגאַבן ווערן געשטעלט אין שאָטן דורך די פּאָליטישע
אַרבעטער־פּאַרטייען. ס'איז פֿאַרשטענדלעך, אַז אין די ראַמען פֿון
אייגענעם אונטערדריקטן קלאַס, האָבן די אַרבעטס־מענטשן קודם־כּל
דערוואַרט די פּראַקטיצירונג פֿון גערעכטיקייט און גלייכהייט. די
האַנדלונגען אָבער פֿון די פּאַרטייאישע פֿאַריינס־באַלעבאַטים זענען

געוועז אין קעגנזאַץ דערצו. די „אויסגעוויילטע" (פון פּאַרטייען אַרויסגערוקטע) פּאַריינס־טוער האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין ביוראָ־קראַטישע פונקציאָנערן; דאָס מאָנאָפּאָל־סיסטעם אויף בעסערע אַרבעטס־פּלעצער האָט אויסגעטיילט באַזונדערע סעקטאָרס פון „פּרי־ווילעגירטע פּראָלעטאַריער". דער אַרבעטער, וואָס האָט געהאַט דעם ביטערן מזל צו זיין אַנגעשטעלט אין אַן אָרעמען וואַרשטאַט, איז פון די פאַריינען באַטראַכט געוואָרן, ווי אַ מיטגליד פון אַ צווייטער מדרגה. אַזעלכע האָבן אָפּטער באַלעסטיקט דעם סעקרעטאַר און פאַרוואַלטונג: זעלטנס געהאַט פולע וואָכן אַרבעט און פון צייט־צו־צייט זיך געפונען אויף דער אַרבעטסלאָז־ליסטע. די סאָציאַלע רעפאָרם־דערגרייכונגען זענען אין די קלענערע אונטערנעמונגען שטענדיק געווען הינטערשטעליק; דערביי איז די אויפמערקזאַמקייט מצד די פאַריינען געווען אַ שוואַכערע, באַזונדער פון די, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער „הער־שאַפט". טעאָרעטיש איז דאָס געווען אויסגעהאַלטן לויטן מאַרקסיס־טישן גלויבן אין צענטראַליזאַציע און קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל. אַ פאַקט, אַז אין שטרייטונגען צווישן די גרויסע און קליינע אונטער־נעמונגען האָבן די סאָצ.־דעמאָקראַטישע פאַריינען אָפן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די ג ר ו י ס ע, אפילו ווען דאָס איז געווען קעגן די אינטערעסן פון אַ טייל מיטגלידער (ביי יידישע: דער ר ו ב) זייערע. דער הויך־קלינגענדיקער רוף „פּראָלעטאַריער פאַרייניקט זיך", האָט אין טעגלעכן פאַריינס־לעבן אויסגעזען אַלס אַ פּוסטע פראַזע; קאָנ־פליקטן, צווישן די „גרויע אַרבעטער" און „פירער־שאַפט" פון פאַריין, זענען געווען אַ שטענדיקע דערשיינונג. די קאָמוניסטן (אין מערסטע פאַך־צווייגן נאָר באַשטאַנען פון „לינק־אָפּאָזיציאָנערע" גרופּן) האָבן באַמיט צו שטעלן זיך אין שוץ פון די „אונטערדריקטע". זייער פּאָליטישע מאַנעוורעס האָבן אָבער פיל איבערגעצייגט, אַז דער ציל פון דערגרייכן די מאַכט א י ב ע ר די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס שטייט ביי זיי העכער, ווי די אַרבעטער אינטערעסן. ווען מ'פלעגט אַמאָל אויפמערקזאַם מאַכן אַ פאַריינס־טוער, גלייכצייטיק אַ „פירער" אין אַ סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אויף דער ווייטקייט צווישן זיין טעגלעכער פּראַקטיק און דעם סאָציאַליזם, וואָס ער פּרעדיקט אויף פּאַרטיי־מיטינגען (וועגן גלייכהייט), איז געקומען דער ענטפער: „דער פאַריין האָט נאָר א י י ן אויפגאַבע, צו באַפעסטיקן דעם אַר־בעטערס עקאָנאָמישע פּאָזיציע; פאַר ברייטערע פּאָליטישע צילן — איז

די פּאַרטיי". אָט דער וועג אויף וועלכן די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג
איז געפירט געוואָרן האָט אַרויסגערופן פאַרביטערונג אויך ביי „זאַטע"
פאַריינס־מיטגלידער. דאָס עלימינירן די אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע
צילן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַרבאַנדן האָט פאַר זיי אויסגעזען, ווי
אָפּנעמען די איניציאַטיוו פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט;
אים אונטערוואָרפן אונטער אַ באַזונדערן קלאַס „סאָציאַליזם פאַר־
זאָרגער". דער סינדיקאַליסטישער געדאַנק האָט דעריבער פאַר זיך
געהאַט אַן אָפן ווירקונגספעלד אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג,
אַ צוטריט צו אַלע „שיכטן". באַזונדער צוציענדיק איז ער געווען פאַר
די יונגע אַרבעטער, וואָס אויסער פאַך־אינטערעסן האָבן די פאַריינס־
לאָקאַלן געדינט זיי אַלס אַ געזעלשאַפטלעכע היים. דאָרט האָבן זיי
אויפן קול אויסגעטרוימט זייערע רעוואָלוציאָנערע אידעאַלע אַנשוי־
אונגען, אין גלויבן פון גייסטיקער קרובהשאַפט צו די ברידער פון
ענלעכן קלאַסן־גורל. אָבער בלויז מיט אויפקלערונג און צוקונפט־
צוזאָגן וואָלט אונדזער פּראָפּאַגאַנדע גאָרנישט דערגרייכט. אויך די
מאַרקסיסטן האָבן זייער „טרוקענעם" היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישן
וועלט־באַנעם באַפליגלט מיט אידעאַלע וויזיעס. ס'זענען נויטיק
געווען ביישפּילן פאַר מעגלעכקייט צו דערפירן דעם סאָציאַליסטישן
טריום אין פאַרווירקלעכונג. אויב מיר האָבן צו פאַרצייכענען אַ
געוויסן דערפאָלג פון אונדזערע אידעען־טרעגער אין דער פּראָפע־
סיאָנעלער באַוועגונג — איז עס נאָר אַ דאַנק זייערע מ ע ש י ם.
זיי זענען מוטיק אַרויסגעטראָטן קעגן דעם ביוראָקראַטישן און צענ־
טראַליסטישן צוגאַנג מצד די „פירער", שטענדיק פאַרטיידיקט און
אַפילו זיך איינגעשטעלט לטובת דעם אינטערעס פון די „שוואַכערע"
יחידים און גרופן; ביי יעדער געלעגנהייט דערמאָנט דעם „אַפּאַראַט",
אַז די פאַקטישע באַלעבאַטים פון פאַריין זענען די מיטגלידער גופא.
זיי האָבן די פאַריינס־חברים געוועקט צו זעלבסט־אַקטיוויטעט, זיי
זאָלן זיך באַמיען אַליין צו נעמען אין די הענט דעם רודער פון
זייערע פאַריינס־אינטערעסן. די ארויסטריטן פון אונדזערע חברים
האָבן דערוועקט דעם גלויבן, אַז אין די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאציעס
קען אַריינגעפירט ווערן אַ הויכער סאָציאַלער אינהאַלט. זיי האָבן זיך
דערוואָרבן פריינד און סימפּאַטיקער, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן פאַר־
אינטערעסירונג צו באַקענען זיך מיט זייערע אידעאַלן. פון אָט די
זענען שפּעטער אויסגעוואַקסן די סינדיקאַליסטישע „קעמערלעך",
וואָס האָבן געקעמפט פאַר דערהויבן די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזא־

ציעס צו אַ רעוואָלוציאָנערן ווירקונגס־פאַקטאָר. דער „פאַריין" האָט פאַר זיי באַקומען אַ טאָפלטן זינען: צו פאַרטיידיקן די רעכט, וואָס די קאַפיטאַליסטישע אָרדענונג טיילט צו די אַרבעטער און קעמפן דערפאַר, אַז די פראָדוציר־מיטלען און פראָדוקציע זאָלן איבערגיין אין זייערע הענט.

ב

די סינדיקאַליסטישע באַוועגונג, האָט זיך בעיקר געשטיצט, אין דער ברייטער פראָפאַגאַנדע, אויף אַ רעאַלן צוגאַנג צו געזעלשאַפטלעכע פראַגן. אין די געשלאָסענע גרופן זענען אָבער געפירט געוואָרן ברייטע אויפקלערונגען, וואָס האָבן דעם סינדיקאַליזם — מיט זיין אַנאַרכיסטישן צוגאַנג צום מ ע נ ט ש — פאָרגעשטעלט אַלס אַ באַזונדערער וועלט־אויפפאַסונג. דאָס אַרויסהייבן דעם ווערט און ראָל פון יחיד, האָט באַרייכערט דעם מענטשנס לעבנס־אינהאַלט. נאָך דער מאַרקסיסטישער (דאַן איינפלוסרייכער) פילאָזאָפיע, מיט זיין באַטראַכטן דעם איינצעלנעם אַלס „שרייפל", האָבן די ביידע אידעען־פריינד מיטאַמאָל דערפילט צו זיך אַ חשיבות, ווי שותפים צו אַ גרויסן אידעאַל. אין אונעזר סביבה איז דער סאָציאַליזם דווקא באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פריוואַט־זאַך. יעדער האָט זיך באַמיט צו זיין אַ מוסטער פון נייעם מענטשן, וואָס דאַרף זיך אויסבילדן אין דעם צוקונפטיקן נייעם געזעלשאַפטלעכן לעבנס־סדר. ס'איז געווען אַן אָנגענומענער באַדינג צו פאָדערן פון זיך זעלבסט סאָציאַליסטישע האַנדלונגען אין באַציונג צום נאָענטסטן מיט־מענטש. יעדע נישט טאַקטישע באַנעמונג פון אַן אייגענעם חבר איז באַטראַכט געוואָרן אַלס „אידעאישער פאַראַט"; ביי שוואַכערע כאַראַקטערן אַפילו אַרויס־גערופן אַנטוישונג בנוגע דעם צוקונפטס־טרוים. די קייטן פון רעזשים זענען נאָר געווען אַ פאַרענטפערונג פאַר אַלגעמיינע אומיושרדיקע דערשיינונגען, אָבער נישט פאַר דעם קעמפער פון אַנאַרכיסטישן אידעאַל. דער צוטרוי און אינטימקייט צווישן די חברים האָט די גרופן — און די באַוועגונג אַלס גאַנצעס — פאַרוואַנדלט אין אַ משפחה־פאַרבאַנד, מיט אַן אייגענעם לעבנס־שטייגער, בעיקר אין חברישן צוזאַמענלעבן, ווי מיר האָבן זיך עס פאָרגעשטעלט נ אָ כ ן אָנקום פון דער אַלגעמיינער רעוואָלוציע. דאָס פראָפאַגאַנדירן דעם ציל פון אַ שטאַטלאָזער געזעלשאַפט, צוואַנג זאָל פאַרטראָטן ווערן

דורך זעלבסט־דיסציפּלין, האָט פֿאַר די ברייטע מאַסן — וואָס האָבן
נאָך אין טעגלעכן לעבן געזען דעם פֿאַרביטערטן קאַמף צווישן
מענטש און מענטש — אויסגעזען, ווי אַ ווילדע אוטאָפּיע. אויך די
אָנהענגער פֿון סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן נישט געקענט באַ־
גרייפֿן, אַז די „שרייפֿלעך” זאָלן זיך באַוועגן אָן אַ „פֿירערישער”
האַנט. אונדזערע חברים האָבן אָבער מיט אַזאַ עקשנות פֿאַרטיידיקט
דעם אַנאַרכיסטישן שטאַנדפּונקט, ווייל זיי האָבן הינטער זיך געהאַט
דעם ביישפּיל אין דער באַוועגונג גופֿא, ווו זיי האָבן געזען דעם
טרויִם אין פֿאַרווירקלעכונג. די שטעלונג פֿון דער באַוועגונג אַלס
אַזעלכע האָט שטענדיק פֿאַרטראַטן די מיינונגען, וואָס זענען אַרויס־
געריקט געוואָרן דורך אירע מיטגלידער. די העכסטע אינסטאַנץ איז
געווען די שטים פֿון די גרופּן — אָט דאָס האָט די חברים איבער־
צייגט, אַז „די באַפֿרייאונג פֿון די אַרבעטער קען און דאַרף זיין די
אויפֿגאַבע פֿון די אַרבעטער גופֿא” אָן דער הילף פֿון מאַכט־אָרגאַנען
איבער זיי. דער פּרינציפּ פֿון פֿרייער איניציאַטיוו האָט די גרופּן
און יחידים געגעבן די ברייטסטע מעגלעכקייט פֿאַר אונטערנעמעריש־
קייט און אויסלעבונג פֿון זייער טעטיקייטס־דראַנג; דאָס וואָרט באַ־
פֿעל איז אינגאַנצן נוצלאָז געוואָרן אין אונדזערע רייען. יעדער
האָט זיך באַמיט צו געבן זיין ביישטייער פֿאַרן בשותּפֿותדיקן ציל,
געטאָן אַלץ צו געפֿינען מיטשטימונג און צוהעלפֿער. וואָלט ביי אונדז
געהערשט דער פּאַרטייאישער מנהג צו פֿאָדערן פֿון סימפּאַטיקער
„דעקלאַרירן זיך”, וואָלט יעדער פֿון אונדזערע פּראָפּאַגאַנדיסטן, אַפֿילו
דער איינפֿאַכסטער חבֿר, בכּוח געווען צו דערווערבן אַ באַדייטנדיקע
צאָל באַוועגונגס־אָנהענגער. ביי אונדז איז אָבער געווען אַ גאַנץ אַנדע־
רער צוגאַנג פֿאַרן פֿאַרגרעסערן אונדזערע רייען. דער אומלעגאַלער
מצבֿ פֿון דער באַוועגונג האָט געפֿאָדערט גרויסן צוטרוי, בכדי איינ־
צוגלידערן וועמען אין דער אַנאַרכיסטישער משפּחה. אַ חוץ דעם האָט
אונדזערע חברים — וואָס האָבן זייער אָנגעהעריקייט צו דער באַוועגונג
באַטראַכט אַלס גרויסע התחייבֿות — בלויז „סימפּאַטיע” קיינמאָל
נישט באַפֿרידיקט. זיי האָבן דערוואַרט גרייטקייט צו מעשׂים, און נאָר
אַזעלכע זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער טעטיקייט. די זעלבסט־
בילדונגס־קרייזן האָבן דערביי געדינט אַלס רעזערוואַר פֿאַר די
אונטערוואַקסנדיקע כּוחות, און פֿילע גרופּן אַזעלכע, האָבן נאָך אין
„צוגרייטונגס־שטאַנד” זיך אַרויפֿגעהויבן צו טעטיקע מיטהעלפֿער
אין דער פּראָפּאַגאַנדע אַרבעט.

ג

ס'איז אָנגעגאַנגען אַ מין קאָנקורענץ אין באַשיידנקייט; גראָד די מער אַקטיווע, גייסטרייכערע חברים, וואָס האָבן געגאַסן פון פּאָפּולאַריטעט און אָנערקענונג, זענען אויף דעם געביט געווען זייער אָפּגעהיט, נישט דערלאָזט צום אויטאָריטעט־קולט. דער באַגריף פון מענטשן־ליבע אין אַבסטראַקטן זינען, איז קיינמאָל נישט געפּרעדיקט געוואָרן, אָבער איבער דעם קלאַסן־איינשטעל זענען די חברים געווען דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון ליבע און אַכטונג צום מיט־מענטש. יעדער געניוס פון איבערגעטריבענעם לוקסוס איז פאַרורעכנט געוואָרן ווי אַ פאַרשווערונג „קעגן דער מענטשהייט", ווייל אַזעלכעס איז נאָך נישט פאַראַן גענוג פאַר אַלע. אפילו די, וועלכע זענען געקומען פון רייכערע היימען, אָדער באַזעסן בעסערע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן, האָבן זיך געפילט, ווי עפּעס שולדיק לגבי דער גרויסער מאַסע פאַראָרעמטע. אָפּגעבן זיך מיט פּערזענלעכער גליק־דערגרייכונג האָט פאַר פילע אויסגעזען, ווי דעזערטירן פון קאַמפּס־פּלאַץ, איבערלאָזן די ליידנדיקע, אומבאַהאָלפענע אין אייביקן עלנד. דער אינערלעכער סאָציאַלער געפיל, רעוואָלוציאָנערער דראַנג, האָט אונזערע חברים דיקטירט דאָס נעמען אויף זיך די שווערע אויפגאַבע צו דערפירן דעם אַנאַרכיסטישן טרוים צו פאַרווירקלעכונג.

* *
*

דער טראַגישער אומקום פון די פילע טייערע און ליבע חברים — אין סאַמע ברען פון זייער געוואַגטן פאַרמעסט — פאַרפליכט אונז צו געדענקען זייערע דערגרייכונגען אַ דאַנק דעם איינפלוס פון אַנאַרכיסטישן טרוים. די היטלעריסטישע באַרבאַרן און אַנדערע שוואַרצע כוחות האָבן נאָר באַוויזן צו טויטן זייערע קערפּערס אָבער נישט זייערע אידעאַלן. דערמאָנען מיר זיך אין די געשטאַלטן פון דעם אַנאַרכיסטישן קאָלעקטיוו אין פּוילן, זייער ענטוזיאַזם און גרייט־קייט צו מעשים, גיט עס אונדז די האָפענונג, אַז זייער־אונדזער טרוים קען און וועט דערגיין צו פאַרווירקלעכונג.

* *
*

**אליעזר הירשאויגע**

## יאָר 1946

יאָרן, יאָרן פיל אַוועק
פול מיט פּיין און ליידן
ביז געגנוג שוין טרויעריקע טעג?

דאָך געלאָזט
בענקשאַפט גרויס,
ווי אומענדלעכקייט אַליין,
ווייל אין זיי
האָט אויפגעהערט דאָס זיין
פון פיל הייס־געליבטע נשמות.

יאָרן גייען, יאָרן פאַלן,
ווער געפאַלן, דער געפאַלן.
ווער עס לעבט —
דער לעבן זאָל;
רינגלען ווייט
דורות קייט
וואָס איז דורך די יאָרן
אי צעריסן,
אי צעזייט געוואָרן.

יאָר זיך גייט, יאָר זיך פאַלט
זאָל עס ווערן מיט זון־ליכט
העל באַשטראַלט.

זאָל עס אייביק בלייבן
אין זכרון
פון די יאָרן —
פול מיט פרייד
פון שאַפונג,
פון דערגרייכטע צילן
און געזעטיקט ווילן.

זיין אַ טרייסט
פאַר די טרויעריק פאַרגאַנגענע
יאָרן —
און פאַר אונדזערע אומגעקומענע —
לזכרון!

ער"ה, האַסטנהעקע.

## אינהאַלט:


ד. ה. — אליעזר הירשאוגע — צענטער יארצייט 3
דינה הירשאוגע — אַ קאַפּיטל זכרונות . . . 6
אבא גאָרדין — אנשטאט אַ הקדמה . . . . 12
אליעזר הירשאוגע — טרוים אין פאַרווירקלעכונג 19
פאַרגעסט אונדז ניט! . . . . . . 19
1. באַקונינס איינפלוס . . . . . . 23
2. די זוכער פון אמת . . . . . . 26
3. בלאַנדזשענדע „גייסטער" . . . . . 27
4. דער „אַלטער" . . . . . . . 31
5. טעאַרעטישע לאַבירינטן . . . . . 34
6. אַלעמענס פריינד . . . . . . 36
7. אונטער אַ פרעמדן פאָן . . . . . 39
8. די אַלטע גוואַרדיע . . . . . . 42
9. די „יונגע" . . . . . . . 44
10. זאָל לעבן די אַנאַרכיע! . . . . . 48
11. אהרן פנחס גראָס . . . . . . 53
12. די „בערזע" . . . . . . . 55
13. „באַריקאַדן־מוזע" . . . . . . 58
14. אויף זייער גאַס . . . . . . 59
15. דער „פוילישער אַלטער" . . . . . 63
16. „זעלבסטשטענדיקע אַנאַרכיסטן" . . . 65
17. די שטים פון „אונטערערד" . . . . 70
18. „וואַלקאַ קלאַס" . . . . . . 73
19. „היסטאָרישע געזעצן" . . . . . 76
20. אַן „אייגענער דאַך" . . . . . 79
21. לעגאַליזירטע . . . . . . . 84
22. פאָלק און קלאַס . . . . . . 87
23. צווישן צוויי שוואַרצקייטן . . . . 94
24. אין שאָטן פון טויט . . . . . 103
25. דיין פיין — אַ וואָרענונג . . . . 110
26. אויף נייע וועגן . . . . . . 111
27. טרוים אין פאַרווירקלעכונג . . . . 113
יאר 1946 . . . . . . . . . . 119

